צ.ה. וואַקסמאַן

# אין לאַנד פון מהר"ל און מאַסאַריק

שטריכן פון אַ רייזע איבער
טשעכאָסלאָוואַקײ

צ. ה. וואַקסמאַן

# אין לאַנד
# פון מהר״ל
# און מאַסאַריק

שטריכן פון אַ רייזע איבער טשעכאָסלאָוואַקיי
אילוסטרירטער רעפּאָרטאַזש

וואַרשע — 1936

# עטלעכע ווערטער וועגן אינהאַלט.

ס'וואָלט געווען געוואַגט, פון מיין זייט, צו פרעטענדירן באשרייבן די טשעכאָסלאָוואַקיי, אָדער אפילו בלויז די יידישע טשעכאָסלאָוואַקיי. דאָס דאָזיקע לאַנד, דאָס האַרץ פון אונזער אייראָפעאישען קאָנטינענט, וועלכעס באַשטעהט צוזאַמען; קודם כל, פון די היסטאָרישע לענדער: בעהמען, מעהרן - שלעזיען, סלאָיואַקיי און פאַרענגדיקט מיט סוב-קאַרפּאַטען-רוסלאַנד, איז אפשר איינס פון די רייכסטע אין דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און שרייבן וועגן די דאָזיקע לענדער, — הייסט שרייבן יידישע געשיכטע, הייסט שרייבן ליכטיקע בלעטלעך פון אַ גאָלדרייכער פאַרגאַנגענהייט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין געשיכטע, איבערהויפט אין אונזערער, איז תמיד פאַראַן אַזוי פיל שאָטן ווי ליכט. אָבער נישט בלויז קיין געשיכטע וויל איך דאָ שרייבן.

טשעכאָסלאָוואַקיי, די רעפובליק, וועלכע איז צוזאַמענגעזעצט פון די אויבנדערמאָנטע מדינות, האָט נישט בלויז קיין געשיכטע, זי האָט אויך קעגנווארט. דאָס יידישע לעבן דאָרט האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. און ווען מ'שרייבט פון דער קעגנווארט, איז אונמעגלעך נישט צו דערמאָנען אויך די פאַרגאַנגענהייט. מיר וועלן דאָ דעריבער באַרירן דאָס וויכטיקסטע, דאָס אינטערעסאַנטסטע, וואָס עס איז געלונגען אַ יידישען זשורנאַליסט צו פאַרצייכנען אין דעם דאָזיקן לאַנד אין משך פון עטלעכע שטודיען-רייזן. ווייל גראָד דאָס לאַנד מיט אַ בעדייטענדן יידישן ישוב איז פאַר אַ גרויסן טייל פונם יידישן לעזער נאָך, ביז היינט, אַן אומבאַקאַנט לאַנד.

טשעכאָסלאָוואַקיי אַלס איינע פון די פעסטונגען פון גלייכבערעכטיקונג און דעמאָקראַטיע אין אונזער פינסטערער

צייט פון זעלבסטהערשאַפט און דיקטאַטורן, פאַרדינט שוין פאַר זיך בעסער באַקאַנט צו זיין.

טשעכאָסלאָוואַקיי מיט אירע וואונדערבאַרע לאַנדשאַפטן, מיט איר העכסט-אייראָפּעאישער אָרדנונג, מיט איר פּראַכטפולער אינדוסטרי און נאַטור-רייכטימער, איז אַ סוזשעט נישט בלויז פאַר זשורנאַליסטען נאָר אויך פאַר שרייבער און דיכטער.

און ענדלעך דאָס וויכטיקסטע: דאָס לאַנד ווערכעס ווערט רעגירט פון אַ פילאָזאָף און דענקער, פאַרדינט אויך דעם דאָזיקן באַשיידענעם מאָנומענט ביי אונז יידן.

און ווי געזאָגט, נישט קיין געשיכטע און נישט קיין וויסנ-שאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען נאָר בלויז שטריכן, בילדער און איינ-דרוקן, געזען דורך די ברילן פון אַ יידישן זשורנאַליסט ; אָט דער-מיט וויל איך זיך טיילן מיטן יידישן לייענער.



# פּראָג

שוין אַ האַלבע שעה ווי אונזער שנעל-צוג איז אַריבער די גרענעץ צווישן סאַנקט-בערנאַרדס-טאָל און בזשעצלאוו (לונדענבורג), אַ ליבנסווירדיגער קעלנער גייט אַרום איבער די וואַגאָנען אייך אָנביטן קאַווע. ס'איז איצט 4 אַ זייגער פאַרטאָג, און די פּראַקטישע טשעכן פאַרשטייען, אַז קיינער וועט זיך פון אַ ביסל „וואַרעמס" נישט אָפּזאָגן. ס'איז בלויז אין ערשטן מאָמענט שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן אין דער אַריטמעטיק פון עסטרייכישע שילינגס און טשעכישע קראָנען. ס'טייטש, וואונדערט איר זיך, וואָס הייסט עפּעס 4 קראָנען, אָבער פון דער אַנדערער זייט ווינקט צו אייך אַ פיין פאַרענדיקע קענדל קאַווע מיט אַ „פּאָנטשקע" און איר לאָזט דעם חשבון אויף אַ וויילע שפּעטער, און סוף כל סוף געפינט איר אייך, אַז 4 קראָנען זענען בסך הכל 2 פראַנק מיט 40, נישט קיין גאַנצער עסטרייכישער שילינג. אלא וואָס דען, דאָס וואָרט „קראָנען" בלאָזט אין אייך אַריין אַ מין דרך־ארץ. די טשעכאָסלאָוואַקיי האָט דאָ נישט לאַנג צוריק דורכגעפירט אַ בכיוונ־דיקע דעוואלאָריזאַציע פון דער קראָנע, אַזוי אַז נישט אַראָפּלאָזנ־דיק פון די פרייזן פון די סחורות, זענען זיי במילא ביליקער געוואָרן. אָבער דאָס איז אַ ענין פאַר עקאָנאָמיקער און נודניקעס און אויף ווי וויים עס וועט זיך אונז לאָזן זיין אומערנסט וועלן מיר דעם שטערן נישט קנייטשן. ווייל צוואָס זיך פאַרביטערן דאָס ביסל יאָרן מיט נאַרעשעוואַטע חשבונות בעת מ'פאָרט אין אַזאַ וואונדערבאַר לאַנד מיט אַזעלכע וואונדערבאַרע מנהגים, וואו אפילו דער קעלנער אין באַן זאָרגט פאַר אייך וועגן אַ ביסל „וואַרעמס" פאַרן דאַוונען.

נאָך אַזאַ מין אָנבייסן איז נישט מער ווי אַ יושר, צוצו־צאָלען דעם אונטערשיד פון דריטן ביזן צווייטן קלאַס (אגב אין טשעכאָסלאָוואַקיי זייער אַ מינימאַלער) און זיך אַריבערפּעקלען, כאַפּן אַ דרעמל ביז פּראָג.

און אַזוי אויסגעצויגן ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן אין האַלבן דרעמל הערט איר דעם קאָנדוקטאָר אויסרופן „פּ ר אַ ־ ה אַ אַ . . !"

פּראָג געהערט צו יענע אייראָפּעאישע גרויס־שטעט וועלכע שטייען אויף פרי. 7 דעם זייגער קאָכט שוין די שטאָט, טראַמוואַיען קלינגען, מילך־וועגן געשלעפּט פון שווערע טשעכישע פערד, צייטונגס־פאַרקויפער און אַ המון אַרבעטער פוןביידע געשלעכטער פאַרפּילן די אַביסל ענגלעכע גאַסען אַרום מאַסאַריק־באַנהויף. אָבער אין דער זעלבער צייט זענען די גרויסע פענסטער פון די קאַפע־הייזער שוין העל באַלויכטן, סוחרים און ליידיקגייער זיצן פאַרטיפט אין זייערע מאָרגן־בלעטער, דאָס לעבן איז אין פולן גאַנג.

*

איך שטייג אָפּ נאַטירלעך, אין אַלטן פּראָג, אויפן גרענעץ פון דער יאָזעף־שטאָט. דאָס אַלטע „יידן־פערטל", דאָס אַמאָליקע געטאָ, הגם היינט שוין צום גרעסטן טייל מאָדערניזירט, דינט עס דאָך נאָך אַלס אַ זאַמל־פונקט פאַרן יידישן פּראָג. יידן פון אַלע ווינקעלעך פון דער הויפּט־שטאָט כאַפּן זיך איבערן טאָג אָדער איבערן אָוונט וויניקסטענס איינמאָל אַראָפּ אויף דער דלאָהאַ־טשידאַ (לאַנגע גאַס) אינם „בית־עם", אינם יידישן קאַפעהויז, וואו ווען איר זאָלט נישט קומען טרעפט איר פריינט, באַקאַנטע, אַ וואָסער נישט איז ציוניסטישע פעראַנשטאַלטונג, אָדער צום מינדעסטנס אַ פאָרטראַג. דאָ קומט זיך צוזאַמען דער אַסימילאַנט מיטן ציוניסט, דער רעוויזיאָניסט מיטן לינקן, דער טשעכישער קעלנער ווייסט ווען צו זאָגן „תל־חי" און ווען כתם „שלום" זעט ער אייך ליינען אַ יידישע צייטונג דאַן קענט איר שוין ביי אים נישט פועלן אַנדערש ווי באַקומען דעם חשבון אויף העברע־איש. דאָרט טרעפט איר תמיד די פולע רעדאַקציע־קאָלעגיעס פון



אַ מאָדערנער בנין פון ניי-פּראָג (דער פּענסיע-און פאַרזיכערונגס-אַמט)



דאַליבאָרקאַ, אַ געסל אין אַלט-פּראָג

די דריי יידישע וואָכן-בלעטער אין פּראָג, דאָ קומט דער פּאָר-שטייער פון דער יידישער קהלה, און דאָ קענט איר געפינען די יידישע דעפּוטאטן אינם טשעכישן פּאַרלאַמענט, וועלכע קומען האַלטן קאָנטאַקט מיטן „ווייילער״. הונדערט שריט אויף רעכטס געפינען זיך די קהלה-בנינים און הונדערט שריט אויף לינקס דאָס רעפּרעזענטאַנטן-הויז — פאַר אונז „היסטאָריש״, זייט דעם 18-טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

איך שטייג אָפּ אין אַ מאָדערנעם האָטעל אין סאַמע האַרץ פון דער דאָזיקער געגנט. קיין פּרייז דאַרפט איר דאָ נישט פרעגן; איר וועט אים געפינען אויף דער טיר פון אייער חדר. און באמת, אַ „חדר״ ליכטיק און גרויס מיטן גאַנצן מאָדערנעם קאָמפאָרט פאַר 20 קראָנען אַ טאָג בײַ אַזעלכע באַדינגונגען קען זיך אפילו אַ יידישער זשורנאַליסט דערלויבן צו „לעבן אין לוקסוס״.

צענדליקער מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דער דאָזיקער מעטראָפּאָליע. און תמיד איז מיין ערשטער באַזוך אַראָפּ צו דער יאָזעף-שטאָט, צום יידישען געטאָ.

אַ מאָדנעם רייץ האָט פּראָג, די שטאָט פול מיט לעגענדאַרי-שער יידישער פאַרגאַנגענהייט, די שטאָט וואו געשיכטע און קע-גנוואַרט טרעפן זיך אויף שריט און טריט און וואו מיר יידן האָבן נישט ווייניק בייגעטראָגן צום אויפשוואונג פון דער דאָזי-קער זעלטענער קאָמפּאָזיציע, וואָס רופט זיך פּראָג, און וואו יע-דער שטיין האָט וואָס צו דערציילן פון פאַרגאַנגענע אפשר גליק-לעכערע צייטן. אַלץ איז דאָ אין אַ חנ׳ודיקן דורכאַנאַנדער. היסטאָרישע מאָנומענטן קושן זיך מיט גיגאַנטישע וואָלקנקראַצערס, אַלט פּאַרצייטיקע קרעמלעך מיט מאָדערנע געשעפט-פּאַלאַצן, מאָ-לערישע מארק-קראָמען מיט היינטצייטיקע אויסשטעלונג-געביידעס. מ׳דאַרף קענען אַ סך אַנדערע מיטל-אייראָפּעאישע מעטראָפּאָליעס כדי ריכטיק אָפּצושאַצן די קראַפט און ענערגיע וועלכע שפּאַרט פון אַלע ווינקעלעך.

אויב אייער האָטעל-קוואַרטיער דערווייסט זיך פון אייער יידיש-קייט, איז די ערשטע זאַך וואָס ער רעקאָמענדירט אייך צו זען נאַטירלעך די אַלטניי-שוהל, דעם אַלטן יידישן בית-עולם, דאָס



„וואַצלאַווסקע נאַמעסטב״ (ווענצלס פּלאַץ) די הויפּט-אַרטעריע פון מאָדערנעם פּראָג.

יידישע ראָטהויז מיטן יידישען זייגער, וואָס גייט אויף „צוריק", די סטאַטוּע פון מהר"ל און... דעם יידישן „צלם". דאָס יידישע מוזעאום און ווייסט גאָט נאָך וויפל ריין יידישע זאַכן, וועלכע דער גוטער טשעך נעמט אייך אויסרעכענען בנשימה אחת, אַז איר ווייסט אַליין נישט פון וואַנען אָנצוהויבן.

שפּאַציר איך סתּם אַזוי אָן אַ פּלאַן און אַ בעדעקער איבער די שמאָלע ציכטיק אויפגערוימטע געסלעך וועלכע דער מאָדער־נער גייסט פון אונזער צייט האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצוווי־שען פון דער אויבערפלאַך. אין דער „מייזלאָווא" (א גאַס מיט אַ יידישן נאָמען) גיי איך דורכן אַלטיוואַרג מאַרק, דורך די זויבער־קרעמלעך, וועלכע זענען פאַרלייגט מיט אַלטע בגדים, איר טרעפט דאָרט פון אַ צילינדער ביז אַ פּאָר גענעראַלסקע הויזן, און פון אַן אַלטן וועק־זייגער ביז אַ שווערד פון 30־יעריקן קריג. פאַר די טירן זיצן עלטערע פּראָגער ייִדן און יידענעס ווי אַן איבערבליי־בעניש פון אַמאָליקן געטאָ, און ריידן אַ מין פּראָגער יידיש, וועלכעס איז אַזוי שטאַרק ענלעך צו יע:ער שפּראַך אין אייער „צאינה וראינה" אָדער טייטש־חומש. פון דער ווייטן אין הינטער־גרונט ווינקט צו אייך די שפּיציק־מאָנומענטאַלע געביידע פון דער אַלטניי־שוהל, אַקעגנאיבער דעם באַרימטן פּראָגער בית־עלמין און דאָס קליינע פּאַלאַצל פון יידישן מוזעאום. אין דער פּרימאָרגנדי־קער גרויקייט באַקומט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אַריינ־געפאַלן אין יענער עפּאָכע ווען יידן האָבן גאָט־פאָרכטיק זיך גע־פּעדערט אין דער אַלטניי־שוהל און פרום געקוקט אויפן אַלטן זייגער מיט די יידישע ציפערן אויפן שפּיץ פון יידישן ראָטהויז, כּדי חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן זמן־תּפילה. קליין פילט איר זיך אוני־טער דער שווערער משא פון די דאָזיקע שטומע עדות פון אַ לאַנג־פאַרגעסענער גרויער צייט ביי וועלכער עס לאָזט זיך מער נישט אָפּטיילן לעגענדע פון ווירקלעכקייט. איר דערמאָנט זיך מיט אַ ציטער אין אייערע קינדעריאָרן, בעת איר האָט געלייענט די באַ־רימטע לעגענדע פון גולם, דער מענטש וועלכן דער מהר"ל, רבי לייב פון פּראָג האָט באַשאַפן מיט שמות אין קבלה, כּדי צו ראַ־טעווען יידן, דאָ לויט דער לעגענדע. אויפן בוידעם פון דעם

משופע-שפּיציקן דאַך פון דער אַלטניי-שוהל דאַרף נאָך רוען דער קערפּער פון דעם באַשעפעניש, ווען דער מהר״ל האָט געגעבן און צוגענומען דעם „שם-המפורש". פאַר אייערע אויגן שווימען אַרויף די עלילת-דם-געשיכטעס, דער באַרימטער משומד גאָנדזאַק, געלייענט ערגעץ אין אַמאָליקע ספורי-מעשיות אין „שבחי מהר״ל"; איר זענט א מאָדערנער מענטש, אָבער וויפל וואָלט איר נישט געבן



די „אַלטניי-שוהל" (מהר״ס שוהל) איינע פון די עלטסטע אין אייראָפּע

כדי זיך ארויפצוכאַפּן אויף דעם דאָזיקן געהיימניספולן בוידעם פון דעם אלטן מקום-קדוש וואו עס שוועבן אומזיכטבאַר די גייסטער פון מהר״ל און זיינע תלמידים.

איידער מיר גייען אַראָפּ אין דער אַלטנײַ־שוהל לוינט צו פֿאַרלירן אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם יידישן ראָטהויז און דער קהלה, מחמת די יידישע געמיינדע אונטער אַמאָליקע בעהמישע און מעהרישע מושלים איז נישט געווען בלויז אַ רעליגיעזע נאָר אויך אַ פּאָליטישע געמיינדע, מיט איינענער פּאָליציי און אייגענע שטייער־מאָנערס און אין געוויסע שטעט האָבן די נישט־יידישע איינוואוינער אויף דער טעריטאָריע פון דעם יידישן געמיינדע־געביט פּאָליטיש צוגעהערט צו דער יידישער קאָמפּעטענץ. אָבער דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך און פון דעם וועלן מיר נאָך ריידן בעת אונזער נסיעה אויף דער פּראַווינץ.



אַ זילבערנער שליסל — אַ מתּנה פון קעניג פערדינאַנד צום יידישן קצבים־צונפט פאַר זייער בראַווען פאַרטיידיקן פּראָג בעת די אַלטער־טימלעכע מלחמות (ייד. מוזעאום פּראָג)

נאָך אַ גאַנצן טאָג וואַנדערן איבער פּראָג, וועלכע איך האָב דאָס מאָל באַזוכט מיט אַ באַזונדערן אינטערעס, כדי פון זי צו שרייבן; בין איך, פאַרנאַכט, ווידער פאַרבלאָנדזשעט אין יענעם פאַרכשופטן ווינקל פון מהר״ל׳ס שוהל. עס איז נאָך געווען אַ היפּשע ווײַלע פאַר מנחה און איך כאַפּ דערווייל אַ שמועס מיטן אַלטן שמש:

„עך, קלאָגט זיך דער אַלטער, וואָס ווייסן היינטיקע יונגע פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, ווער פון זיי האָט נאָך עפּעס געהערט פונם „האָהען רבי לעוו״, עפּעס ווייסן זיי יאָ, אַז ביים פּראָגער ראָטהויז איז פאַראַן אַ סטאַטוע פון עפּעס אַ רב, אָבער וואו

זענען יענע באַזוכער וועלכע פלעגן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צו-
הערן די לעגענדעס געשאַפן אַרום דער דאָזיקער שוהל? היינט
געפינט עס יעדער אין די שטאָטישע און מלוכהשע פּראָפּאַגאַנדע-
העפטן, צוגעשניטן, צוגעגרייט אין אַ טרוקענעם סקאַרבאָוון נוסח,
גלייך מיט אַלע אַנדערע היסטאָרישע מאָנומענטן: אַלטנײַ-שוהל,
12-טער יאָרהונדערט, גאָטישער סטיל, גולם געשאַפן דורכן מהר״ל,
יידישער פרידהאָף, יידישער מוזעאום, א. א. וו. מ׳קומט, מ׳כאַפּט
אַ קוק, ווער האָט דאָס צייט זיך צו פאַרטראַכטן; שוין אָפּגערעדט
פון אַ ביסעלע פּיעטעט פאַר אַ יאָר-טויזנטער לעגענדע מיט אַ הויך
פון קדושה און קידוש-השם. אָט וואָס, זיפצט דער אַלטער אָפּ:
נאָך מיט 20—30 יאָר צוריק פלעגן פרומע יידן פון אונגאַרן און
גאַליציען אַהערקומען אָנקוקן דעם גולם, מיין קאָלעגע דער אַמאָ-
ליקער שמש פלעגט זיך דערלויבן אַ וויץ און אַרויספירן די גלוי-
ביקיצ מיט ציטערדיקע הערצער אויפן בוידעם זיי באַווייזן אַ שפּיגל



דער איינדרוקספולער דאַך פון דער „אַלטנײַ-שוהל״



די אינערלעכע איינריכטונג פון מהרל׳ס שוהל (אַלטניישוהל) באַמערקונגסווערט: די אייזנגעשמידטע אַלטע בימה



דער זייגער אויפֿן יִד. ראַטהויז פֿון פּראָג.
באַמערקנסווערט: די ציפֿערן גייען „אויף צוריק”.



כלי־קודש פֿון דער אַמאָליקער פּראָגער ציגיינער־שול (יִד. מוזעאום)

און זאָגן „אָט איז דער גולם !". נישט געטאָרט האָט מען דאָס. היינט אונזערע מאָדערנע מענטשן גייען ליבער זען דעם שטיינער-נעם מאָנומענט, קומען אויף אַ ווייל'ענקע אין שוהל, קוקן זיך צו צו די אַלטערטימער, האָבן מורא טאָמער וועט דער אַלטער שמש פון זיי בעטן אַ טרינק-געלט, און פאַרשווינדן צוויי גיך ווי זיי קאָנען. אַ סך מהר"ל-שוהלן, ווערט שוין דער אַלטער אין כּעס, — געפינען זיך אויף דער וועלט?! איין מהר"ל איז געוועזן און איין פּראָג איז פאַרהאַן..."

דער בין-השמשות רוקט זיך אָן. האַלב איינגעבויגענע זקנים, באַבערדלטע סלאָוואַקישע יידן שאַרן זיך אַריין איינציקווייז אין דער שמאָלער שפּיציקער טיר פון דער אַלטניי-שוהל. איך גיי זיי נאָך. פאָרנט אַ לאַנגער גרויסער קאָרידאָר, אַ שווערער מעשענער כּיור אויפן וואַנט, אַ רעזערווירטער פּלאַץ פאַר יאָרצייט-לעמפּלעך און די מיסטעריעזע טיר צו דער „גניזה". אַ פּאָר טרעפּלעך טיפער, נאָך אַ שמעלערע טיר אין גאָטיק, איר מאַכט אַ שריט אין דער האַלב-טונקלקייט און איר שטייט מיטאַמאָל פאַר דער אייזן-גע-שמידטער גרויסער בימה פון מהר"לס שוהל. די ווענט נאַקעטע פון גרויעם שטיין; אין דערהויך אַלטע האַלב-אָפּגעמעקטע אויפשריפטן, צוויי ריזיקע שטיינערנע זיילן, אין הינטערגרונט אַ אָפּגעצוימטער זיץ, דער כּסא-הרב; פאָרנט אַ אין זילבער-געשמידטער עמוד, שווערע הענגלייכטער, בענק אַרום און אַרום מיט שטענדערס; אומצענדלעך הויך, דער בליק ענדיקט זיך אינם האַלב-פינסטערן חלל פון דער אַלטער גאָטישער געביידע. ביי דער בימה איז צו-געבונדן אַ פאָן אויף אַ ריזיקן שטאַנג, דאָס איז די מתּנה פון קעניג פערדינאַנד צום יידישן „פליישער-צונפט" בעת זייערע קאַמפן האַנט אין האַנט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג קעגן די שוועדישע איבערפאַלער, די בימה אַליין אַ מייסטער-ווערק פון פאַר-צייטיקער שמיד-אַרבעט, דאָס גאַנצע אַ שטיק געשיכטע וואָס איז שטיין געבליבן אומבאַרירט אינם פאַרלויף פון דורות. איר דאַרפט נישט זיין קיין צו גרויסער פאַנטאַזיאָר כּדי צו באַגרייפן די מיס-טעריעזע שענקייט פון דעם גאַנצן אַרום.

„אשרי יושבי ביתך", קלינגט די מאָנאָטאָנע שטים פון חזן...



די קאַרלס-בריק און דער „הראַטשין"

איך שליס צו די אויגן און געפין זיך מיטאַמאָל צווישן די העלדן פון מיינע קינדעריאָרן אין דער לעגענדאַרער אַטמאָספער פון יענער גרויער צייט, ווען פראָגער יידן האָבן צייטנווייז געמוזט זוכן שוץ אין גאָטס הויז אין דער דאָזיקער האַלב-פעסטונג, די אַלט-נייע שוהל.

*

מנחה ומעריב איז פאָריבער, אַ האַלב-פארחלומטער פאַרלאָז איך די דאָזיקע געביידע און דריי זיך אַוועק עטלעכע געסלעך און בין ווידער אין אייראָפּע. פראָג איז נישט בלויז אַ שטאָט פון מאָנומענטן, פראָג איז אויך אַ שטאָט פון אינדוסטרי און באַוועג-לעכן האַנדל. דאָ, פינף מינוט ווייט פון מיטלאַלטער, זשומען מאַשינען, קלינגען טראַמוואַיען, עס ברויזט אַ לעבן פון אַ יונג פאָלק אין אַ יונגער ענערגישער מלוכה, איר האָט נישט דאָס ־עכט זיך אָפּצושטעלן בלויז אויף אַ פערגאַנגענהייט, נישט שענ־קענדיק אויפמערקזאַמקייט דער קעגנוואַרט. און ווי געזאָגט, נישט קיין היסטאָריע וויל איך שרייבן נאָר טיילן זיך מיט מיינע איינ-דרוקן נישט געאָרדנט און אין דעם אָנגענעמען ווירוואַר פון נעכטן און היינט, פון היסטאָריע און קעגנוואַרט, דאָס געזאַנג פון מאַשינען און די מיסטעריע פון אַלטערטום אזוי ווי זיי גייען און שטייען, אין פראָג, אין גאַנץ טשעכיע, אין מאָראַוויע, אין די קוילנגרובן פון שלעזיע, אין די גאָלד-מינעס פון דער טאַטראַ, אויף דעם פראַכפולן „ריזן געבירג" און אינם פרילינג פון עלבע-טאָל, אין די קליינע דערפער פון דעם האַלב-פאַרגעסענעם סוב-קאַרפּאַטן-רוסלאַנד און אין די ראַשיקע שטעט, שטעט פון אינדוסטרי און האַנדל, אויף די גרויסע מיטל-אייראָפּעאישע שליאַכן, — דאָס אַלץ וילן מיר פאַרצייכנען דוקא אין אומאָרדנונג, ווייל אין דעם ליגט די שענקייט.

*

אין די אַלטע אַרכיוון פון דער שטאָט פראָג איז געשריבן — דערציילט מען — אַז די היסטאָרישע קאַרלס-בריק, געבויט פון מאַסיווע שטיינער, איז צעמענטירט געוואָרן נישט מיט וואַפּנע און קאַלך נאָר מיט ווייסלעך פון אייער... דערפאַר — אַ פּנים, איז

די בריק בעת דער גרויסער פּאַרפּלייצונג פון יאָר 1890 טיילווייז איינגעבראָכן געוואָרן און ס׳האָבן געמומען יאָרן ביז מ׳האָט זי ווידער־אויפגעבויט אָבער דאָס איז אויך נישט מער ווי אַ דעטייל און נישט פון די וויכטיקסטע. און לאָמיר דעריבער אָנהויבן פון אָנהויב.

באַרג אַראָפּ פון הראַטשין־שלאָס, נישט ווייט פון ראַדעצקי פּלאַץ מיט זיינע מאַסיווע מאָנומענטאַלע קאָלאָנאַדן, געפינט זיך די דאָזיקע בריק וואו יעדער שאַפן איז אַ שטיק היסטאָריע, וואו יעדער פון די אומצייליקע מאָנומענטן האָט זיך זיין אייגענע גע־שיכטע, אויף וועלכער מען קען ביכער גאַנצע אָנשרייבן אויך מיר יידן האָבן אויף דער דאָזיקער בריק אַ טרויעריק־באַרימטן מאָנומענט: דער צלם מיט דער העברעאישער אויפשריפט.

אין סאַמע מיטן פון דעם רעכטן געלענדער שטייט אַ ריזי־קער שטיינערנער צלם מיט דער טראַדיציאָנעלער סטאַטועטקע פונם געקרייציקטן אין רונד אַרום — גרויסע העברעאישע בוכ־שטאַבן, די אויפשריפט: „*קדוש, קדוש, קדוש ה׳ צבאות*״. צופוסנס פון דעם דאָזיקן מאָנומענט ברענט אַ נר־תמיד און אויף דריי פּלאַטן אין טשעכיש, לאַטייניש און דייטש איז בקיצור אי־בערגעגעבן די געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון דעם דאָזיקן מאָנומענט. געווזן איז דאָס אין יענע פינסטערע צייטן פון מיטל־אַלטער, אַ פּראָצעסיע גלחים האָט אַראָפּגענידערט פונם קלויסטער אויפן „הראַטשין״ און אַ ייד, וועמענס נאָמען ס׳איז נישט אָנגע־געבן, זאָל האָבן געווען באַליידיקט די פּראָצעסיע.

די טאָוולען ריידן אין דער טרוקענער און אָפיציעלער שפּראַך. מיר נעמען דאָ דעם דייטשן טעקסט ווי ער איז (מיטל־הויך־דייטש):

„דריי מאַל הייליג, הייליג, הייליג, צו עהרן קריסטי דעם געקרויציגטען, אַלס שטראַף = געלט איינעם ווידערליידיגענדען דאַס הייליגע קרויץ שמע־הענדען יודן, פאַן איינעם האַך לעבליכען קעניגליכן טריבונאַל־אַפּעלאַץ אַנום,

אויפגעריכטעט אים יאַרע קריסטי 1696, דען 14־טן הערבסט־מאַנאַט״.



דער „יידישער צלם“ פון דער קאַרלס־בריק

די געשיכטע איז דאָ קורץ אָבער דייטלעך איבערגעגעבן. אין פאָלקס מויל גייט אָבער אַרום די לעגענדע, אַז דער באַ־שטראָפטער ייד האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די חרפה און זיך אַריינגעוואָרפן טאַקע דאָ אָט אויף דעם זעלביקן אָרט אין דער שטראָמענדיקער מאָלדאַווע...

פראָג האָט אויך איר ווענעציע. לינקס און רעכטס לעבן דער אַלטער בריק ציען זיך אַוועק זייטיקע קאַנאַלן. צו ביידע זייטן פון די דאָזיקע קאַנאַלן שטייען אין וואַסער איינגעטונקט אור־אַלטע הייזער אויף וועמענס גרויע ווענט עס וויגן זיך די שאָטנס פון די מיטלאַלטערלעכע מאָנומענטן פון דער אַנטקעגנאַי־

בערדיקער „קאַרלס בריק״, געגוי אַזעלכע געסלעך געפינט איר אַ פאָר שריט פון „פּיאַצאַ סאַן-מאַרקאָ״ אין ווענעציע. דאָ בלויז זע-נען זיי זויבערער און קיין גאָנדאָלעס מיט זינגענדיקע איטאַליע-נער פאָרען דאָ נישט אַרום. דערפאַר האָט איר אָבער דאָ אין די שמאָלע געסלעך; אויף די מיניאַטור פּלעצער אוראַלטע אינטימע לאָקאַלן, קליינע אָבער זייער עלעגאַנטע קאַפע-הייזער, לאָקאַלן, „ממש דלת על דלת״. אַהער קומען די עכטע אַלט-פּראָגער אין די אָוונטן אָפּפרישן זייערע יוגנט-זכרונות, לעבן אין דעם אַמאָליקן גאָלדענעם פּראָג. אין איינעם פון די דאָזיקע שטילע געסלעך פונם אינזל געפינט זיך אויך אַן אַלטער פראַנצויזישער רעסטאָראַן מיט פראַנצויזישע ווייַנען, אַפילו די טישלעך און די ספּאָדניצעס פון די קעלנער זענען אַ געטרייע קאָפּיע פון פּאַריז. אויך דאָס געהערט צו אַלט-פּראָג, אין די דאָזיקע געסלעך געפינען זיך די אַלטע פּראָגער ברוי-הייזער: פּאַטריאַרכאַלע פאַמיליען-אונטערנע-מונגען, וואו דער סוד פון ביר-מאַכן ווערט איבערגעגעבן פון פאָטער צו זון, געוויינטלעך האָט יעדער פון די דאָזיקע ברוי-ערייען אויך אַ רענאָמירטן רעסטאָראַן און, אַז דער אָוונט רוקט זיך אָן געפינט איר דאָ פּאָרנט אַ שערענגע לוקסוס-אויטאָס; אַהער קו-מען פּראָגער בעלי-בתים חשובים עסן אָוונט-ברויט און פאַר-ברענגען אין אַטמאָספער, וועלכע נאָר פּראָג אין איר ״יוגנט-לעכן עלטער״ איז אימשטאַנד אייך צו פאַרזעצן, דאָ האָט יעדער גאַסט שוין, זייט צענדליקער יאָר, זיין איינגעזעסענעם ווינקל, דער אויבער-קעלנער איז פאַרטרויט מיט דער קלענסטער פון יענעמס געוואוינהייטן און נאָכן וויפלטן גלעזל ביר ווערט זיך יענער אַ צופרידענער אויפהויבן, כדי אויף מאָרגן געגוי צו דער זעלבער שעה ווידער אַהער צו קומען. זומער פאַרברענגט מען דאָ די אָוונטן אין שאָטן פון די אור-אַלטע בוימער, אין די פעסטונגס-מויערן פון די אַלט-פּראָגער ברוי-הייזער, וועלכע האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער גאַנצער וועלט. „קעמפּער אינזל״ הייסט דאָס דאָזיקע גן-עדן-ווינקעלע פון דער טשעכי-שער מעטראָפּאָליע.

אַריבער דער קאַרלס-בריק, אויפן שאַרפן שפּוע אַרויף צום




מאָלטעזער פּלאַץ, איינער פון די ראָמאַנטישע ווינקלען פון פּראָג



אַ געסל אַרום דער קאַרלס-בריק „די שרעקענס-מויער“

הראָטשין גייען מיר איצטער צו דער "זלאָטא סטודענקא" (דער גאָלדענער ברונעם). קיין פּאַרקערס־מיטל גייט נישט אַזוי ווייט און דאָס איינציקע פּאַרקערס־מיטל זענען די אייגענע פּאָר פיס. און דאָך איז דאָס דאָזיקע הענגענדיקע טעראַסן־לאָקאַל תמיד פול. איר מוזט וואַרטן אַ היפּשע ווײַלע כדי דאָרטן צו געפינען אַ פּלאַץ. אָבער עס האָט דעם ווערט. ווײַל קריגט איר אַ פּלאַץ אויף דער טעראַסע, דאַן ליגט אונטער אייערע פיס פּראָג ווי אַ צויבער־שטאָט פון „טויזנט און איין נאַכט".

צוקומען צו אָט דעם דאָזיקן לאָקאַל איז אַם בעסטן דורכ־צושניידן די אַלט־פּראָגער הויפן און דורכגענג מיט וועלכע נאָר אַן איינגעבוירענער פּראָגער איז גוט פאַרטרויט... מיט אַמאָל זעט איר זיך אין מיטן באַרג. פאַר אייערע אויגן שפּרייטן זיך ריזיקע נאָך־נישט־באַבויטע שטחים. דאָ און דאָרט אַ נייע מאָ־נומענטאַלע געביידע, דאָ בויט זיך אין אַ שנעלן טעמפּאָ גרויס־פּראָג. גייט איר אַוועק אַ ביסל לינקס, געפינט איר זיך מיט אַמאָל פאַרן „הראָטשינער שלאָס" מיט זיינע היסטאָרישע נעבן־געביידעס. דאָ האָבן אַמאָל געוואוינט די מלכים פון טשעכיען און היינט דער פּרעזידענט פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רע־פּובליק.

אומצייליקע געדרייטע טרעפּ פירן אייך אַראָפּ צוריק אין שטאָט. אין מיטן פון באַרג אויף די געשלענגלטע אַספאַלטירטע וועגן כאַפּן מיר זיך אַריין אין ערשטן בעסטן טראַמוויי און אין צען מינוט שפּעטער שטייען מיר פאַרן נייעם ראָטהויז. דאָס איינציקע ראָטהויז אין דער וועלט, וועלכעס האָט אויף דעם בכּובֿדדיקסטן פּלאַץ פאָרנט אַ סטאַטוע פון אַ פּראָגער ייד, דעם מהר"ל. מאַיעסטעטיש פון גרויען מאַסיוון שטיין געהאַקטע ליניעס שטייט דאָ דער מהר"ל. טרויעריק ערנסט קוקט ער אַראָפּ אויף דער לעבעדיק־באַוועגלעכער שטאָט וואו ער האָט אַזוי אָפט און שווער געקעמפט פאַר יידישע רעכט קעגן די אומ־צייליקע עוולות און גרויזאַמקייטן פון דעמאָלדיקער יעזואיטישער הערשאַפט. אַ שטיק יידישע געשיכטע פאַרקערפּערט זיך אין דער דאָזיקער שטיין־מאַסע, מיט דער קורצער העברעאישער

אויפשריפט: רבי לבב. דער מאָנומענט האָט נאָך אַן אַנדער זייער אינטערעסאַנטן טייל. באַ דער זייט פון מהר״ל קלאַמערט זיך אַ יונגע פרוי, וועלכע דער מהר״ל שטויסט אָפּ מיט זיין לינקער האַנט. דאָס זאָל לויט דער לעגענדע זיין די שיינע טאָכטער פון מהר״ל, וועלכע האָט זיך פאַרליבט אין אַ ריטער, און פאַרוואָס איר



פאָטער האָט זי פון זיך פאַרשטויסן...

אָן אַן אויפשריפט און אָן אַ וועלכע עס איז אָנדייטונג שטייט, נישט ווייט פון דאָרט, אַ מאָנומענט מיט טעמפּע מאַסיווע ליניעס, קיין שום שטריך פון אַ פּנים, דאָס זאָל זיין דער לעגענדאַרער אייזערנער ריטער פון פּראָג. אויף די דאָזיקע צוויי מאָנומענטן וועלכע זענען אויפגעשטעלט: — דער יידישער

מאָנומענט אין דער גוישער זייט, און דער גוישער מאָנו־מענט אין דער יידישער זייט, מיטן פּנים צום אַלטן געטאָ, — זאָגן פּראָגער — זאָל סימבאָליזירן, די פולשטענדיקע אָפּ־שאַפונג פון חלוק צווישן ייד און נישט ייד.

דאָס זאָל זיין דער סימבאָל פון טאָלעראַנץ און פולער גלייכבאַרעכטיקונג.

דערמיט איז באַטאָנט די פּריינטשאַפט צווישן יידנטום און קריסטנטום אין דער גאַנצער רעפּובליק.

מינוטן לאַנג בין איך שווייגנדיק געשטאַנען פאַר דעם דאָזיקן מאָנומענט, געשאַפן פון אַ הערשנדיקן פאָלק אין אָנער־קענונג און אָנדענק פון איינעם פון אירע זין, דעם יידישן רב, דער מהר״ל מפּרג. און אין דער צייט ווען אין אַ שכנות־דיקן לאַנד ווערן דערוויטערט די סטאַטועס פון משה רבינו ביז היינריך היינע, שפּירט איר באַזונדער און מיט אַן אָנגע־נעם געפיל, אַז עס זענען פאַרהאַן לענדער וואו יושר און טאָ־לעראַנץ זענען נאָך אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל; צוויי זאַכן פון וועלכע מיר יידן זענען תמיד אין גלות אָפּהענגיק. די סטאַטוע פון מהר״ל ביים ראָטהויז פון דער הויפּטשטאָט פון דער טשע־כאָסלאָוואַקישער רעפּובליק איז נישט בלויז אַ מאָנומענט נאָך אַ לאַנג־פאַרשטאָרבענעם גרויסן ייד, ניין! עס איז אַ סימבאָל פון די באַציאונג צווישן ייד און נישט־ייד, פון דער אַבסאָלו־טער גלייכקייט, וועלכע הערשט פון דער עלבע ביז ווייט אַרי־בער אין די קאַרפּאַטן.

רעכטס אַרום דורכן אַלטן קוואַרטאַל פון פּראָג, נישט ווייט פונם געטאָ געפינט זיך דאָס אַלטע פּראָגער ראָטהויז, אויפן אַלטשטעטער מאַרק. אַ קונסט־בנין פון מיטלאַלטער און ווידער אַמאָל אַ באַרימטער זייגער, דאָס מאָל נישט קיין יידי־שער. פונקט 12 אַ זייגער, צו מיטאָג, שפּילט דאָס גלאָקן־שפּיל אַן אַלטע מעלאָדיע, טירן עפענען זיך אויף און פיגורן היס־טאָרישע גייען פאַרביי אַרום דעם זייגער צו דער אייביקער פאַרוואונדערונג פון די הונדערטער צושויערס, וועלכע פאַר־זאַמלען זיך דאָרט טאָג־טעגלעך.



דאָס אַלטע פּראָגער ראָטהויז

אַנטקעגנאיבער דעם אַלטן ראָטהויז דערהויבט זיך דער איינדרוקספולער מאָנומענט פון דעם טשעכישן רעליגיעזן רע־פאָרמאַטאָר הוס בעת ער שטייט אויפן שייטער־הויפן.

גלייך אַקעגן מיר ליגט די „מייזלאָוואַ“ (מייזלס גאַס). איינע פון די רעשט איבערבלייבעכצן פון אַלטן פראָגער געטאָ. לינקס אַקעגנאיבער דער אַלטניי־שול שטייט אַ קאָקעט־קליין פּאַלאַצל געבויט אין רוימיש־מורישן סטיל. האַרט ביי דער וואַנט פון דעם אַלטן פראָגער בית־עלמין. דאָס איז דער יידישער מו־זעאום פון פּראָג. ווידער אַמאָל באַגעגן איך זיך מיטן אַלטן שמש, וועלכער שליסט מיר אויף דאָס מוזעאום, כדי אַ טויזנטסטן מאָל מיט מיר צוזאַמען צו באַוואונדערן די טראָפּעען פון דער אַלט־יידישער קונסט געזאַמלט אין לויף פון דורות.

אונטער אַ גלעזערנעם שוץ גיט פאַר אייך אַ בליאַסק דער פּראַכטפול געשניצטער כתר־תורה, אַ מאָנומענטאַל שטיק פון אַלט יידישער זילבערשמיד־קונסט אין לאַנג פאַרגעסענע יאָרן. פיין געשניצטע אָרון־קודש׳ן, צערטלעך געהאָפטענע פּרוכתן, אַ כסא של אליהו אויסגעאַרבעט מיט דער פּיעטעט און נשמה פון טיף גלויביקן אַמאָליקן יידישן מייסטער.

צום אינטערעסאַנטעסטן אָבער זענען די דאָקומענטן, די פּריווילעגיעס פון די אַמאָליקע קיסרים צו יידישע דאָקטוירים, סוחרים און בעלי־מלאכות. מיטן פיין געציקלטן אַלטן כתב און שווערע לאַק־שטעמפּלען. אַן אַלטע כתובה מיט וואונדערפולע עראָטישע צייכנונגען אַרום, וועלכע מען קען רויק אָנרופן אַלט מייסטער־קונסט. מגילות מיט אילוסטרירטע עפּיזאָדן אַרום, וועל־כע באַווייזן דעם הויכן, פיין־אַנטוויקלטן קינסטלערישן געשמאַק פון יענער צייט. אַ וועלט מיט אַלט־יידישע צירונג, בראָשן און פינגערלעך, ברוסט־טיכער אין גאָלד געהאָפטן; דער אדל־אָנ־טועכץ פון פּראָגער יידישע טעכטער אין יענער פאַרנעפּלטער עפּאָכע.

אַז איר לייענט די פאַרשידענע אורקונדן, די לויב־געזאַנגען פון די טשעכישע מלכים צו די פאַרידענע יידישע „צונפטן“ פון בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געהאָלפן דער שטאָט־

מאַכט זיך פאַרטיידיקן קעגן אַנאָנפאַלער, זעט איר אין אייער גייסט נישט בלויז בלעטער פון שחיטות און הריגות נאָר אויך ליכטיקע בלעטער פון יידישן מוט און יידישער אָפּפער־ווילי־קייט אויף וועלכע די דאָזיקע שטומע אורקונדן זאָגן עדות.



א פּאַרמענטענע מגילה מיט קונסט צייכנונגען ביי דער זייט, פון 17־טן יאָרהונדערט (אירישער מוזעאום)

דער אַלטער שמש, איצטער אין דער ראָל פון אַ מוזעי־אום־וועכטער, גייט הינטער מיר און „דערקלערט" מיר דעם אינהאַלט און די געשיכטע פון יעדן געגנשטאַנד מיט דאַטן און ציפערן, ממש ווי אין די גרויסע מוזעען. אָבער ווער הערט אים ?.. און צו וואָס מיר די דאָזיקע טרוקענע דערקלערונגען ; אַ קליין ביסעלע פאַנטאַזיע, אַ דאָזע פאָרשטעלונגס־קראַפט און פאַר מיינע אויגן לעבט ווידער אויף דאָס אַמאָליקע פּראָג, די אַמאָליקע קהלות פון „פּיהעם" (בעהמען) און מאָראַוויע. צענ־טערן פון „גוטער יידישקייט" פון וואַנען תורה און גדולה האָבן געשטראַלט.

הינטער דעם מוזעאום ליגט אין זיין הונדערט־יעריקער רוה דער אַלטער פּראָגער בית־עלמין מיט זיינע דורות־אַלטע מצבות, אַ שטיק יידישע געשיכטע פּיעטעט־פול אָפּגעהיטן אין מיטן דעם טומל און רעש פון דער קאָכנדיקער מעטראָפּאָליע. מיר האַלטן זיך אָבער ביי אונזער אומאָרדנונג און לאָזן פּלאַץ פאַר ווייטער צו שרייבן וועגן דעם דאָזיקן שטיק יידישע היס־טאָריע אין שאָטן פון די אַלטע־לינדן־בוימער, און כאַפּן זיך אַרויס צוריק אין דער לעבעדיקער שטאָט.

דורכגעשלענדערט עטלעכע ספּעציפיש־פּראָגער הינטער־גאַסן און מיר זענען ביי דעם אַלטן פּולווער־טורם (פּראַשנאַ בראַמאַ) ; אַ מאָנומענט פון אַמאָליקער פּראָגער גרויסקייט, וועלכעס שטייט איצט אין האַרמאָניע מיט די גיגאַנטישע כאַנק־געביידעס, דעם קאָקעטן רעפּרעזענטאַנטן־הויז אויפן רחבותדיקן רעפּובליק־פּלאַץ פאַרן פשיקאָפּ (גראָבען).

כאַראַקטעריסטיש ; אויף דער ניגאַנטישער געביידע פון דער „זעמסקאַ באַנקאַ”, אויפן סאַמע שפּיץ, קוקט אַראָפּ דער געקרוינטער צוויי־קעפּיקער אָדלער, דער עמבלעם פון דער אַלטער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע. דאָס איז אַ היסטאָ־רישער מאָנומענט, וועלכן די טשעכן האָבן נאָך דער רעוואָ־לוציע נישט דערווייטערט, נאָר דאַמאָלסט צייטווייליק פאַרהאָנ־גען מיט אַ שוואַרצן טוך. איצטער, אָבער, קענען זיך שוין די טשעכן דערלויבן דעם לוקסוס איבערצולאָזען פריי און אָפן דעם „וואַפּן פון זייערע אַמאָליקע הערשער, נישט מורא האָבנ־דיק פאַר בייזע געדאַנקען. עס איז אַ היסטאָרישער מאָנומענט און ווערט רעספּעקטירט פונקט ווי אַלע אַנדערע אָנדענקען פון אַמאָל. דוכט זיך, אַז קיין לאַנד פון די לענדער, וועלכעהאָבן געהערט צו דער אַמאָליקער אימפּעריע, האָט נישט איבערגע־לאָזט קיין אָנצייכעניש פון זייערע מאָנומענטען. אַ פּראָגער טשעך האָט דאָס מיר דערקלערט : מיר באַטראַכטן יעדן סאָרט מאָנומענטן־שענדונג פאַר אַ באַרבאַריי, געשיכטע מוז מען לייע־נען ווי זי איז און נישט ווי מיר ווילן זי זען. און איבריגנס, האָבן מיר פאַר דער „קאָנקורענץ” גאָר קיין מורא נישט מער...

דער דאָזיקער טשעך, האָב איך שפּעטער איינגעזען, האָט פולקאָמען רעכט, ווייל פון די אַלע מלוכות, וועלכע האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער אַמאָליקער אימפּעריע, קען מען אויף טשעכאָסלאָוואַקיי זאָגן, אַז זי איז די בעסט־איינגעאָרדנטע אַ שטאַאַט נישט ערגער געצירט פאַר פראַנקרייך אָדער בעלגיען; אַלץ איז דאָ נאָרמאַל, אַלעס, ווי דער דייטש זאָגט, „קלאַפּט" פּאָליטיש און נאָכמער ווירטשאַפטלעך. דאָס איז אַ באַפרייט פאָלק, וועלכעס וועט זיין פרייהייט נישט אָפּגעבן און פאַר וועמען מען דאַרף קיין מורא נישט האָבן, אַז ס'וועלן זיך באַ זיי אַנטוויקלען סענטימענטן צו דער אַמאָליקער אָרדנונג. בכן, קען מען זיך דערלויבן אַזאַ לוקסוס פון לאָזן אַן אַלטן מאָנומענט. ווייל די טשעכן דערלויבן זיך אַ סך מער לאָזנדיק אין פּראָג אַ דייטשן אוניווערסיטעט, אַ דייטש טעאַטער, דייטשע צייטונגען, שוין אָפּגערעדט פון געוויסע בעהמישע פּראָווינצן, וואו עס לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן די טשעכיש־דייטשע מינדערהייט אין אַזאַ פרייהייטן און אויטאָנאָמיע, וואָס זיי וואָלטן אפילו ביי זייערע אייגענע פרייסען נישט באַקומען.

מחשבותן, מיר ריידן דאָ פון דייטשן; אויף דעם זעלבן פשיקאָפּ געפינט זיך דאָס „דייטשע הויז", אַ מין קלוב פון די פּראַגער דייטשן, וועלכער ווערט, טיילווייז, זייער שטאַרק אונטערשטיצט פון די איבערבלייבעכצן פון דער דייטש־יידישער אַסימילאַציע. פריינט האָבן מיר געזאָגט, אַז דייטשע יידן אָדער, בעסער געזאָגט, מאָשקעס האָבן בייגעטראָגן די קיילעכדיקע סומע פון 50 מיליאָן קראָנען פאַר דער רעאָרגאַניזאַציע פון די דייטשע קולטור־אינסטיטוציעס אין פּראָג און דער עיקר, פאַרן איבערבוי פון דעם דערמאָנטן קלוב. און דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז: — אַז פון זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט (— גראָד דעמאָלט איז אויסגעפאַלן דאָס איבערבויען פונם הויז —) האָט מען אין דעם דערמאָנטן קלוב איינגעפירט „אַרישע" צימערן, וואו יידישע מיטגלידער טאָרן נישט אַריבערטרעטן דעם שוועל. און די דאָזיקע יידעלעך מיט אַ מצח אשה זונה, מומרים להכעיס, פאַרמאָגן נישט אין זיך דאָס מינ־

דעסטע ביסל ערן־געפיל זיך אַוועקצושטעלן פאַר די גרויסע שפּיגלען פון דעם דאָזיקן רשעותדיקן הויז. אַ שפּיי־טאָן זיך אין דער אייגענער פאַרוואַשענער צורה און זיך אַראָפּוואַרפן פון די גלאַנציק־מאַרמאָרענע טרעפּ מיטן פּנים צו דער ערד... ווייל אַזאַ אַסימילאַציע, דאָס איז שוין נישט מער ווי שמד להכעיס, און איך ווייס נישט פון וואַנען די איניציאַטיווע איז געקומען איינצופירן די „אַרישע" צימערן אין יענעם „הויז", אָבער אַ חכם איז ער געווען דער שונא־ישראל, וועלכער האָט דאָס צוגעטראַכט. פאַראַן ביי יעדן פאָלק מנולים גענוג, אָבער, דוכט זיך, אַזעלכע פאַרמאָגט קיין אומה נישט. ווייל פאַר וועמען מאַכן זיי דאָס? פאַר די דייטשן? אַן איבעריקע טרחה. און די טשעכן פאַרשטייען נאָך אַלץ בעסער אַ נאַציאָ־נאַל־געשטימטן יידן ווי אפילו אַזאַ, וועלכער איז טשעכיש אַסי־מילירט. ווייל אַן איבערלויפער קען זיך קיינמאָל מיט קיין זויבערן כאַראַקטער נישט באַרימען.

דער פּשיקאָפּ איז איינער פון די לעבעדיקסטע גאַסן פון פּראָג, הונדערטער מאָל איז מיר אויסגעקומען פאַרבייצוגיין דאָרט און יעדעס מאָל נעבן דעם דאָזיקן הויז, האָב איך גע־שפּירט ווי דאָס בלוט קומט מיר אין פּנים. אַ חרפּה פאַר זיך אַליין און אַ שאַנדפלעק פאַר דעם פאָלק, פון וועלכן די דאָזיקע מיאוסע נפשות זוכן מיט אַלע מיטלען זיך צו פאַרלייקענען.

אַ פּאָר הונדערט שריט ווייטער און איר געפינט זיך ביים אָנהויב פון „וואַצלאַווסקע נאמעסטע" (ווענצלס פּלאַץ). דאָ שלאָגט דאָס האַרץ פונם היינטיקן פּראָג. גיגאַנטישע וואָל־קנקראַצערס, ריזיקע וואַרן־הייזער, קאַפע־הייזער און רעסטאָראַ־גען, אַ רחבותדיקע גאַס, וועלכע האָט זיך נישט צו פאַרשעמען קעגן „שאַנז־עליזע" פון פּאַריז. אַן אומענדלעכע קייט פון אוי־טאָמאָבילן, טראַמווייען, אויטאָבוסן ציען זיך צוביידע זייטן אַראָפּ און אַרויף און די טראָטואַרן זענען תמיד איבערפולט מיט אַ פּילפאַרביקן המון. פאַר די גרויסע ליכטיקע פענסטער פון די קאַפע־הייזער זיצן פּראָגער רואיק ביי זייערע צייטונ־גען. אין די אויטאָמאַטישע בופעטןווימלט עס פון מענטשן ווי

אין אַ מוראַשניק. און העט ווייט אין דער הויך דער מאָנו־
מענט פּון קעניג וואַצלאַוו, וועלכער וואַכט איבער זיין באַוועג־
לעכער „וואַצלאַווסקע נאמעסטע”. אַלס הינטערגרונט צו דעם
גאַנצן, דערהויפּט זיך דאָס נאַציאָנאַלע מוזעאום אַ פּראַכטפולע
אַלט־היסטאָרישע געביידע, וועלכע שטערט אָבער גאָרנישט צו
דער האַרמאָניע פון אולטראַ־מאַדערנעם ווענצל־פּלאַץ.




אַ מאָדערנער קאַפע־הויז אין פּראָג

פּראָג בויט זיך כסדר. עס וואַקסן אויס נייע מאָדערנע
קוואַרטאַלן, אָבער פון צענטער ווילט זיך קיינעם נישט אַרויס־
גיין. דעריבער זענען אַלע פּראָגער קינאָס געבויט אין קעלערן,
אַזוי זענען אויך דער גרעסטער טייל טאַנץ־לאָקאַלן, דאַקעגן
די קאַפע־הייזער זענען אַלע אויפן ערשטן שטאָק, ווייל יעדעס

שטיקל פלאַץ איז דאָ מיט גאָלד צוגלייך. בלויז די אויטאָמאַטן ווענען „פּאַרטער". און אָט וועגן די דאָזיקע אויטאָמאַטן לוינט זיך אַ וואָרט צו פאַרלירן. דאָ אין די דאָזיקע פּערמאַנענטע „פּרעס־אַפּאַראַטן" איז אינגאַנצן איבערגענומען געוואָרן די תּורה פון „אָנקל סעם".

איר קומט אַריין קריגט איר אַ מין קאַרט מיט ציפערן. אַ קעלנער איז דאָ נישט דאָ און איר מוזט זיך אַליין מטריח זיין מיט דער דאָזיקער קאַרט צו דער סטאָיקע וואו ווייס־געקליידעטע בלאָנדע „שלעטשנאס" שטייען גרייט אייך צו באַדינען מיט וואָס אייער האַרץ זיך גלוסט: אַ גולאַש מיט קנייד־לעך, אָדער סתּם אַ פּוטער־ברויט, אַ געבראָטן גענזל צי אַ סאַרדינקע. איר קריגט אייער פּאָרציע פון דער לאַכנדיקער טשעשקע און אָנשטאָט צו באַצאָלן. ווערט די קאַרטע אָפּגעלע־כערט אויף דער געהעריקער צאָל קראָנען. איר מוזט זיך אַליין אַוועקטראָגן אייער שיסל מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג צו אַ טישל, און ערשט ווען איר האָט אָפּגעגעסן, אַרויסגייענדיק ביי דער קאַסע, ציילט די קאַסירערקע די צאָל לעכלעך און אַזויפיל קראָנען מיט העלערס מוזט איר באַצאָלן. דאָ אין די דאָזיקע אויטאָמאַטן קריגט איר פון 6 אין דערפרי ביז 2 באַנאַכט תּמיד אַ וואַרעמען מאָלצייט און ביי דער גאַנצער ביליגקייט פון לעבנסמיטל אין פּראָג איז דאָ תּמיד נאָך ביליקער. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי איינעם אַ דירעקטאָר פון אַזאַ אויטאָמאַט, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך צו געבן פרישע און גוטע עסנס פאַר אַזאַ ביליקן פּרייז. דערויף האָט מיר יענער פּשוט גע־ענטפערט: דאָס מאַכט דער אומזאַץ. און פּראָגער רעסטאָראַטאָרן שפּירן עס אויף זייער אייגענער הויט.

עס איז אוודאי שלעכט, לאַכט מיין אויטאָמאַטן דירעק־טאָר, צו זיין אַן אָרעמאַן, אָבער אין פּראָג דערטראָגט מען דאָך לייכטער די אָרעמקייט ווי ערגעץ אַנדערש. אָט, ווייזט ער מיר אַריבער פון יענעם זייט גאַס, אויף דער 10 שטאָקיגער געביידע פון באַטיאַס שוך־געשעפט, וואו מען קען פאַר 19 קראָנען קריגן אַ פּאָר אָנשטענדיקע שיך, און נישט ווייט פון



אַלטערטימלעך פּראָג — אַ גאַס אויף דער „קליין זייטע"



דאָס פאַר'מלחמה'דיקע פּראָג — בריקן־גאַס

דאָרט אַן איינהייטס־געשעפט פאַר קליידער, וואו די פרייזן הויבן זיך אָן ביי 59 קראָנען פאַר אַ מענערישן אָנצוג. אויב מען דערמאָנט זיך, אַז ביים היינטיקן טאָג שטייט די טשע־כישע קראָנע נישט מער פון 60 פראַנצויזישע סאַנטים קומט מען צו דער זעלביקער איבערצייגונג ווי דער אויטאָמאַטן־די־רעקטאָר, אַז אפילו צו אָרימקייט מוז מען האָבן מזל. ווייל סוף כל סוף קען זיך דאָ אַן אַרבעטער מיט צוויי גוטע טעג געהאַלט באַקליידן און באַשוכן און אַרומגיין שפּאַצירן ווי דער ענגלישער קרוין־פּרינץ. (ס'רעדט זיך נאָר אַזוי...) שוין אָפּגע־רעדט פון עסן, ווי אויבנדערמאָנט, קען מען פאַר אַ ביסל קליינגעלט ריכטיק אָפּעסן צו דער זאַט און דערביי נאָך כאַפּן אַ גוט גלעזל ביר. פארשטייט זיך, אַז אַ גביר צו זיין איז פאָרט בעסער...

בכלל איז פּראָג רענאָמירט פאַר איר גוטן עסן, דעם גוטן ביסל משקה און די פיינע נאַשערייען. פּראָגער „קנעדליקי" האָבן אַ שם אין דער וועלט. דאָס זענען נישט קיין מאָגערע „יידישע" קניידלעך, וועלכע מען עסט פּסח; דאָס זענען קניידלעך אין דער פאָרם פון אַנטיקווארע האַרמאַטן־קוילן. און אַז מען דערלאַנגט אייך אין רעסטאָראַן, אין דעם יידישן און נישט יידישן, אַ גולאַש מיט קניידלעך, זענען עס נישט קיין גאַנצע קניידלעך, נאָר אַ פּאָר שטיקלעך פון איינעם אַ קניידל.

אויף די פּראָגער גאַסן באַמערקט איר אַן אַפּיש פון אַ גרוי־סער וואורשטן־פאַבריק, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ מענטשן עסנדיק מיט פיל געשמאַק אַ וואורשטל, אַז די סלינע גייט אים אַזש איבער. און נישט בלויז ביי אים, נאָר אפילו ביים לייע־נער פון דעם דאָזיקן אַפּיש. אַזוי אַז איר דענקט נאָר וואו איז דער נעכסטער אויטאָמאַט, טאָ ווען מיר דעם דאָזיקן מענטשל אויפן פּלאַקאַט באַלד נאָכמאַכן...

פונק 12 אַזייגער שליסן זיך אין פּראָג אַלע ביוראָס, אַלע געשעפטן און אַלע וואַרשטאַטן. עס איז מיטאָג־צייט און דאָ פארשטייט דער פּראָגער קיין שפּאַס נישט. פונם גרויסן רעפּרעזענטאַנטן־הויז און „ספּאָליטשענסקי קלוב" ביזן לעצטן

אויטאָמאַט זיצן די מענטשן ערנסט ווי צו א גאָטעסדינסט און נעמען געמיטלעך איין זייער מיטאָק־מאָלצייט.

פראַנצויזן האָבן א קולט פאַר גאַסטראָנאָמיע, אפשר שוין א ביסל איבערטריבן, צו ראַפינירט, דייטשן עסן סתם א סך און אָן געשמאַק. דאָ אין צענטראַל־אייראָפּע איז דער מין עסן פיין אַנטוויקלט, שוין ערשטנס צוליב דעם רייכקייט פונם לאַנד אין פּראָדוקטן און א פיין אויסגעבילדעטן געשמאַק אינם גע־העריקן צוגרייטן פון די מאכלים. נישט קיין חילוק ווי לאַנג איר זענט אין פּראָג, עס איז אַן אָנגענעמע געוואוינהייט, וועלכע מען נעמט גיך איבער.

און אַז מ׳האַלט שוין ביים עסן איז אַן עבירה פאַרביי־צוגיין שווייגנדיק איבער פּראָגער קאַפע־הייזער. די דאָזיקע „אינסטיטוציעס״, וועלכע זענען אייגנטלעך אָפּשטאַמיק פון ווין, זענען דאָ אין פּראָג אפשר נאָך ראַפינירטער אַנטוויקלט ווי אין זייער מוטער־שטאָט. כמעט אַלע קאַפע־הייזער געפינען זיך צו־ליב פּלאַץ־מאַנגל אָדער אפשר צוליב אַנדערע באַקוועמלעכקייטן אויף די ערשטע עטאַזשן, און האָבן אַ חוץ אַ גרויסען זאַל נאָך זייטיקע צימערן ווי שפּיל־צימערן, פאַרזאַמלונגס־צימערן, און זאָגאַר עס־צימערן פאַר יחידי־סגולה, היימישע געסט. קומט איר דאָ אַריין אין אַ וועלכן נישט קאַפע הויז דריי מאָל, קען שוין דער קעלנער אַלע אייערע שוואַכקייטן און געוואוינהייטן, ער ווייסט גענוי וועלכע צייטונג איר לייענט, וועלכן מין גע־בעקס איר עסט און וואָס פאַראַ ווינקל אייך איז אַם ליבסטן צו זיצן. און ער באַמיט זיך פאַר דער באמת קליינער סומע טרינק־געלד, וואָס ער קריגט שפּעטער, צופרידן צו שטעלן אַלע אייערע קאַפּריזן. דאָס קאַפע־הויז איז דאָ נישט סתם אַ פּלאַץ וואו מען קומט אַריין אויסצוטרינקן אַ קאַווע אָדער עפּעס צו עסן; ניין, דאָס איז, ווי איך האָב עס אָנגערופן אַן „אינסטיטוציע״, אַ טעמפּל. נישטאָ קיין פּראָגער, וועלכער זאָל נישט האָבן זיין „שטאַם־קאַפע״ און אָפּגערעדט פון צוגערייזטע אָדער דורכרייזנ־דע, וועלכע פאַרברענגען אָנגענעמערהייט דעם גרעסטן טייל פון זייער צייט אין קאַפע הויז.

איר קומט אין דערפרי און זעצט זיך אַוועק ווי אַ מאַ־
האַראַדזשאַ ביי די גרויסע ליכטיקע פענסטער פון „אייער״
קאַפע; דער קעלנער סערווירט אייך דעם שמעקענדיקן קאַפע
— „מיט״ (מיט שמאַנט אָדער שלאַגזאַנע), טראָגט אייך אונטער
אונטערן סאַמע נאָז די נייעסטע מאָרגן־צייטונגען און אַז איר
האָט אָפּגעטרונקען, נעמט ער דיסקרעט צו פון טיש דאָס ליי־
דיקע געשיר, פאַרבייטנדיק עס מיט אַ פּאָר פרישע קאַלטע
גלעזער וואַסער, וועלכע ווערן אָנגעפילט אַזוי שנעל ווי איר
האָט זיי אויסגעליידיקט. אויב איר זענט שוין, אַזוי צו זאָגן,
אַ שטיקל פּראָגער, עסט איר אין צוויי שעה אַרום אַ פליישיקן
„גאבל״־פרישטיק פאַרטרינקנדיק מיט אַ „זיידל״ פּילזנער ביר.
מיטאָק ווערט אויך סערווירט אין קאַפע הויז. אויב איר האָט
וואָס צו טאָן, גייט איר אַרויס אין גאַס און אויב איר זענט
אַ ליידיקגייער, אַ זשורנאַליסט, טאָ בלייבט איר וואַרטן ביז דער
„יאוזע״ ד. ה. אַ מין מאָלצייט צווישן מיטאָק און נאַכטמאָל,
און לייענט זיך דערווייל דורך די נאָכמיטיק־פּרעסע אָדער אַ
פּאָר, אילוסטרירטע צייטונגען. 4 אַ זייגער איז די צייט פון
„יאוזע״; אַ פּאָר פרישע „קיפּפערלעך״, קייזער־זעמעלעך אָדער
גאָר אַ ווינער טאָרט: כ׳לעבן, טראַכט איך בײַ זיך, די וועלט
איז גאָרנישט אַזוי שלעכט... אַן עכטער פּראָגער האָט זיך זיין
קאַפע הויז ספּעציעל פאַרן אָוונט, וואו מען זיצט בײַ אַ גלעזל
פּילזנער מיט אַ לאַנגן „ווירגינער״ ציגאַר מיט אַ שטרויענעם
פּיסקל און מען רעדט אַרום די נייעס פון טאָג. עס איז גוט
צו אַרבעטן אין פּראָג, אָבער נאָך בעסער איז צו פוילענצן
דאָרטן, אָבער דאָ אין די קאַפע־הייזער זיצט מען נישט סתם
פאַר פאַרגניגן: דאָ קומען זיך צונויפֿ מען סוחרים אָפּצושליסן זיי־
ערע געשעפטן, דאָ מאַכט מען פּאָליטיק און, אין די הינטער
זאַלן, קומען זייער אָפט פאָר רעפעראַטן און קולטור־פאַראַנ־
שטאַלטונגען; בקיצור, אַ שטאָט וואו אַ טייל פונם לעבן וויקלט זיך
אָפּ אין די קאַפע הייזער. עס איז דעריבער קיין וואונדער
נישט וואָס איינער זוכט דעם אַנדערן אַריבערצושטייגן אין
לוקסוס און אויפמאכונג. דאָס קאַפע הויז וואָלט איך דאָ אַריינ־

געשטעלט אין דער קאטעגאָריע „סאָציאַלע אינסטיטוציעס״, בהיות אָבער דער מין וואָרט „אינסטיטוציע״ שמעקט אַביסל מיט שימל, וועלן מיר עס לאָזן ביים טשעכישן נאָמען „קאָ־וואָרנא״.




מאָדערנער
קאַפע־הויז
אין פּראָג

דער באַרימטער דייטשער פאָרשער פון פאָריקן יאָרהונ־דערט, אַלעקסאנדער פון הומבאָלדט, האָט פּראָג שוין דעמאָלט געשטעלט אלס פערטע שטאָט פון אייראָפּע. מילא מיר וועלן היינט זיין באשיידענער, אָבער אויף אַ האָר נישט אראָפּלאָזן, אַז פּראָג איז איינע פון די מערקווירדיקסטע שטעט מיט איר אייגנאַרטיקן סטיל און מאָלערישער אומגעבונג. אַן אַנדער פאָר־שער האָט פּראָג באַצייכנט אלס „דאָס היסטאָרישע מוזעאום פון

צענטראַל־אייראָפּע", ווייל אין דער געשיכטע געפינען מיר זעלטן א באדייטנדיקן פאל פון וועלט־פּארנעם, אין וועלכן פּראָג זאָל נישט האָבן גענומען אָנטייל, און פון וועלכן עס זאָל דאָרטן נישט זיין קיין אָנדעק. פּראָג איז דער מיטלפּונקט צווישן די צוויי קולטורן פון מזרח און מעריב. אָפּגערעדט וואָס דאָס מאָדערנע פּראָג, דאָס פּראָג פון האנדל און אינדוסטרי שטעלט מיט זיך פאָר דאָס לעצטע וואָרט אויף ביידע געביטן, ווייל מען דארף נישט פארגעסן, אז כמעט 80 פּראָצ. פון דער מעכטיקער אמאָליקער עסטרייכישער אינדוסטרי געפינט זיך ביי היינטיקן טאָג אין די הענט פון די טשעכאָסלאָוואקן. און דאָס אלץ ווערט רעפּרעזענטירט דורך פּראָגער געשעפטן, דאָס אלץ זעט איר אין מיניאַטור אין די ריזיקע שויפענסטער פון פּראָ־גער גאסן.



א ראָמאַנטיש געסל פון „קאַמפּער אינזל"

## פראָג אין דער געשיכטע

די געשיכטע פון פראָג איז אויך אין א געוויסן זין די געשיכטע פון גאנץ מיטל־אייראָפּע. אינם 5־טן און 6־טן יאָר־הונדערט האָבן זיך די ערשטע סלאווישע שבטים אַראָפּגעלאָזט מיט דער מאָלדאווע און געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער איצטיקער מעטראָפּאָליע פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

אינם 10־טן יאָרהונדערט האָבן די פירשטן פּשעמיסליד געגרינדעט דעם בעהמישן שטאאט, וועלכער איז פון פּראָג־אויס רעגירט געוואָרן. אלזאָ שוין פאר טויזנט יאָר איז פראָג געווען די רעגירנדיקע הויפּטשטאָט פון אן אומאָפּהענגיקער מלוכה.

ביזן יאָר 1230 איז פראָג באַשטאַנען פון אַ קליינער הויפּטשטאָט אויף די פעלזן איבער דער מאָלדאַווע, ווייל אין דעם זעלביקן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן די הויפּטשטאָט (דאָס היינטיקע „יודנפירטל״), וועלכע האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן און איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער מאַכט פון די בעהמישע פירשטן, ווען ס׳האָט זיך דעמאָלט אויסגעשפּרייט איבער אַ גרויסן טייל פון אייראָפּע. אין אָנפאַנג פון 13־טן יאָרהונדערט גייט דער וואוקס פון בעהמישן שטאַאַט, לויט די דעמאָלטיקע פערהעלטנישן, אָן גיגאַנטישע פאָרמען. פון איין זייט די קאָלאָניזירונג אין בעהמען און מעהרן און פון דער אַנדערער זייט די גרויסע עשירות פון די בעהמישע זילבער־מינען. און צוזאַמען דערמיט וואַקסט אויך די מעטראָ־פּאָליע. עס ווערט אַריינגעגלידערט אין דער שטאָט די „קליינ־זייטע״ אַ שטאָט פערטל, וועלכעס עקזיסטירט נאָך היינט, און שפּעטער אין 14־טן יאָרהונדערט, שוין אויך דער „הראַטשין״.

נאָך דעם גוואַלדזאַמען אויסשטאַרבן פון די פשעמיסלידן (1306) באַשטייגט דעם בעהמישן טראָן קאַרל דער 4־טער פון לוקסנבורג. די דאָזיקע הערשער דינאַסטיע, שוין מיט אַ פראַנ־צויזישער בילדונג, גיבן זיך נאָך מער אָפּ מיטן בוי פון פראָג און אַ סך געביידעס פון יענער צייט עקזיסטירן נאָך ביי היינ־טיקן טאָג אַלס פראַכט־שטיקער ווי דער „פייטס־דאָם", די אויבנ־דערמאָנטע „קאַרלס־בריק" און די „אַלט־ניי־שול", ווייל צו יע־נער צייט איז שוין די יידישע קהלה אין פראָג געווען אַ בלי־ענדיקע. אין יאָר 1348 גרינדעט קעניג קאַרל די באַרימטע „קאַרלס־אוניווערסיטעט", די עלטסטע אין צענטראַל־אייראָפּע, די אַלט־בכבודיקע „אַלמא־מאטער־קאַראָלינאַ".

דער דאָזיקער אינטעלעקטועלער צענטער האָט אויך זיין ציל נישט פאַרפעלט. פון דאָרטן איז אַרויסגעגאַנגען דער באַ־רימטער טשעכישער רעפאָרמאַטאָר יאַן הוס, וועלכער איז אויך געווען רעקטאָר פון דער דאָזיקער אוניווערסיטעט. די געזעצ־געבונג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי (1919) איז די שאַפונג פון יענעם גרויסן שריפטשטעלער און רעפאָרמאַטאָר הוס, וועלכער האָט געלעבט אין פראָג מיט איבער 600 יאָר צוריק. די דאָ־זיקע געזעצגעבונג האָט אויך אָנגענומען ליטע און לעטלאַנד און אַ שטיק צייט האָט מען דערפון גערעדט, אַז אויך פוילן וועט די דאָזיקע געזעצגעבונג אָננעמען. אָבער דאָס געהערט נישט צו אונזער ענין.

הוס איז, ווי באַוואוסט, פאַרברענט געוואָרן אין קאָנ־סטאַנץ אין יאָר 1415. עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַ רעליגיעזע מלחמה (1419 — 1434), וואָס האָט אונטערגעבראָכן אין אַ גע־וויסער מאָס די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און ערשט אין יאָר 1458 אונטער דער הערשאַפט פון קעניג געאָרג פון פּאָדי־בראַד און זיין נאָכפאָלגער וולאַדיסלאַוו (1471) הויבט פראָג ווידער אָן צו וואַקסן. עס אַנטוויקלט זיך אַ באַזונדערע גאָטישע בוי־קונסט, וועלכע קונסט־היסטאָריקער רופן היינט אָן „וולאַ־דיסלאַווישער סטיל".

דעמאָלט האָט טשעכיען דורכגעלעבט איר בלי־פעריאָד. און

אַזוי האָט עס געדויערט ביז דעם יאָר 1576, ווען די טשעכן האָבן אין אַ פרייער וואַל גערופן אויפן טראָן דעם קעניג רו־דאָלף 2 פון האַבסבורג. אָבער לאַנג האָט דער שלום בית צווישן די האַבסבורגס און די טשעכן נישט געדויערט. אין יאָר 1620 נאָך דער מפלה ביי ווייסבערג און די שפּעטערדיקע עק־זעקוציע פון די בעהמישע שטאַנדעס־הערן (אויפן אַלטשטאָטישן מאַרק) פירט ווידער אַריין אַ ווירוואַר אין די מוחות און דער וואוקס פון פראָג שטעלט זיך אָפּ. שפּעטער קומט די קאַטוילי־לישע הערשאַפט, אונטערדריקונגען, די ירידה פון פראָג, און מיט איר אויך פון גאַנץ בעהמען.

דער גרויסער זיג פון דער קאַטוילישער קירך, פון וועלכן מיר יידן האָבן נישט ווייניקער געהאַט אויסצושטיין ווי די טשעכן, האַלט פראָג אין אַ כסדרדיקן מצב פון שפלות, פראָג ווערט לאַנגזאַם אַ פּראָווינץ שטאָט, רעגירט פון ווין און הגם דער פלאַן פון פראָג האָט זיך נישט געענדערט, איז זי אָבער נישט געוואָרן דאָס וואָס זי האָט געקענט ווערן ביי אַן איי־גענער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג.

אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט הויבט זיך אָן די אייגנטלעכע נאַציאָנאַלע דערוואַכונג פון די טשעכן, אין אַ שטילער רעוואָלטע קעגן דער פרעמדער הערשאַפט; דער נאַציאָנאַלער עלעמענט וואַקסט און מיט אים די אומצופרידנ־קייט פון פאָלק, וועלכעס וויל זיך זעלבסטשטענדיק רעגירן.

דאָס יאָר 1861 איז אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער טשע־כיש נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דעמאָלט האָבן די טשעכן אויס־געקעמפט דאָס זעלבסטפאַרוואַלטונגס־רעכט אין די געמיינדן און דער נאַציאָנאַלער אויפשוואונק נעמט כסדר אָן פּראַקטישערע פאָרמען. אָט אַזוי ציט זיך עס שוין ביז צום איבערגאַנג אינם נייעם יאָרהונדערט, אין אונזער 20־טן יאָרהונדערט, ווען ס'איז אין 1918 פייערלעך פראָקלאַמירט געוואָרן די טשעכאָסלאָוואַקישע רעפּובליק.



# פּראָג אין ציפערן



די פּאַרוואַלטונגס-געבײַדע פון די שקאָדאַ-ווערק (איינע פון די גרעס-
טע מאַשינען, אויטאָמאָבילן און געווער פאַבריקן אין מיטל-אייראָפּע

אַלט פּראָג, וועלכעס איז ביז דער ענדע פון 18-טן יאָר-
הונדערט באַשטאַנען פון 4 אויטאָנאָמע שטאָדט-טיילן, די אַלט-
שטאָט, די נײַשטאָדט, די קליינזייט און דער הראַטשין, זענען
אין יאָר 1784 צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן צו איין שטאָט, וועלכע

בילדעט אייגנטלעך דעם קערן פון היינטיקן פּראָג. דאָ געפינען זיך כמעט אַלע היסטאָרישע דענקמעלער און געביידעס, דאָ אין דעם עלטסטן שטאָט־טייל געפינט זיך די אַלט־ניי־שול, דער יידישער מוזעאום, דער היסטאָרישער פּראַגער בית־עלמין, פּראַגער ראָטהויז און בכלל אַלץ, וואָס מיר רופן אָן „אַלט־פּראָג". דאָ געפינען זיך נאָך אייניקע געסלעך פון דעם אַמאָליקן פּראַגער געטאָ און ביז היינטיקן טאָג וואוינען נאָך דאָ א סך יידן, נאָכפאָלגער פון די אַלט־פּראַגער יידישע משפחות, פאַר וועמען די שטאָט איז נישט ווייניקער ליב און טייער ווי פאַר די טשעכן.

אָבער נישט קיין היסטאָריע ווילן מיר שרייבן, און אויב מיר האָבן דאָ דאָך באַרירט עטלעכע דאַטן, איז עס נאָר כדי דעם לעזער צו געבן אַ באַגריף און אָן אָריענטאַציע אין דעם מאַטעריאַל, וועלכן מיר באַהאַנדלען.

פון זינט נאָך דער מלחמה וואַקסט די שטאָט פּראָג פון טאָג צו טאָג. זי וואַקסט אין טעריטאָריע און וואַקסט אין מענטשן. כמעט יעדן חודש קומען צו נייע גאַסן, פאַרשידענע פּאַרקערס־ליניען, און אין א ביסל לענגערן צייט־אָפּשניט, אויך גאַנצע שטאָט־טיילן.

פּראָג איז פאַרטיילט ווי אַלע אייראָפּעאישע הויפּט־שטעט אין זעלבסט־פאַרוואַלטונגען. יעדער שטאָט־בעצירק האָט זיך איר בירגערמייסטער און אירע באַאַמטע און אַלץ צוזאַמען צענטראַליזירט אין דער געמיינדע פון גרויס־פּראָג.

די געמיינדע פּראָג איז אַזוי אַרום א מין גרויסע־אונטערנעמונג.

און לאָמיר לאָזן סטאַטיסטיק ריידן:

אין יאָר 1930 האָט די געמיינדע פּראָג פאַרמאָגט 232 528 קילאָמעטער טראַמוואַי־ליניעס, און 69.565 קילאָמעטער אויטאָבוס־ליניעס. די טראַמוואַיען האַבן אין משך פון יאָר טראַנספּאָרטירט 256,568.840 פּאַסאַזשירן. די אויטאָבוסן — 15.354 382 פּאַסאַזשירן. די הכנסות פון די טראַמוואַיען האַבן אָנגעטראָפן 226.834.226 טשעכישע קראָנען און פון די אויטאָבוסן 14.304.248

טשעכישע קראָנען. לאָמיר נעמען אַן אַנדער זאַך. פּראָג האָט איינע פון די מאָדערנסטע גאַז־אַנשטאַלטן, וועלכע פּראָדוצירט יערלעך א וואַסערע 12000 וואַגאָנען קוילן און פּראָדוצירט ביז 50 מיליאָן קוביק־מעטער גאַז.

פון די וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פון דער שטאָט פּראָג איז כדאי צו פאַרצייכענען די פּראָגער שפּאָר־קאַסע און די שטאָטישע פאַרזיכערונג, וועלכע פינאַנסירן אויך א ריי האַלב־פּריוואַטע אונטערנעמונגען.

די הכנסות פון דער שטאָט פּראָג נעמען מיר פון שטאָטישן רעגיסטער פון יאָר 1930 פאָלגנדיקע: נאָרמאַלע הכנסות 561 894.000 קראָנען; אויסעראָרדנטלעכע הכנסות — 629.775.000 קראָנען. די הוצאות פאַרטיילן זיך נאָרמאַל 568 422.000 קר. און אונעראָרדנטלעכע — 403935000 קראָנען. די חובות פון דער שטאָט פּראָג באַטרעפן: 2.357.584.780 קראָנען. דאַקעגן איז דער שטאָטישער פאַרמעגן געשאַצט אין דער הויך פון 3.576.507.049 קראָנען. אַלזאָ אַזוי צו זאָגן א נאָרמאַלע געזונטע שטאָטישעווירטשאַפט. געגנוי וויפיל יידן ס'באַטייליקן זיך אין די שטאָטישע אונטערנעמונגען לאָזט זיך פאַר קיין פאַל נישט פעסטשטעלן, דאַקעגן איז איינס זיכער, אַז דער גרעסערער טייל באַנק־הייזער פאַרמאָגט גרויסע יידישע קאַפּיטאַלן און, נאַטירלעך, אויך יידישע דירעקטאָרן, אָבער פון דעם נאַנצן טשעכישן באַנק־סיסטעם לוינט זיך באַזונדער צו ריידן, און מיר וועלן זיך דערצו אומקערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

פּראָג איז שוין פאַר דער מלחמה, נאָך אין די צייטן פון דער אימפּעריע געווען א ריין טשעכישע שטאָט. קיין גענויע סטאַטיסטיק אָבער פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן וועלכע לעבן אין פּראָג האָט מען קיינמאָל נישט געפּרובט אין יענער צייט צוזאַמענצושטעלן. מיר האָבן דאָ פאַר זיך די אָפיציעלע סטאַטיסטיק פון יאָר 1930, אָבער איידער מיר גיבן זי דאָ איבער, מוזן מיר אָנווייזן אויף א טרויעריקן פאַקט, אַז הגם דער יידישער טייל איז אָפיציעל פאַררעגיסטרירט אויף

6.731 נפשות פון יידישער נאַציאָנאַליטעט, לעבן אָבער דאָך אין פּראָג א סך מער יידן, אַ גרויסער טייל פון זיי נאָך אָסימילאַנטן—מנוולים, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט פאַרשריבן אונטער דער דייטשער נאַציאָנאַליטעט, א קלענערער טייל אונטער אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און אַנדערע פשוט אַלס טשעכאָסלאָוואַקן. דעם דאָזיקן אומנאָרמאַלן צושטאַנד האָבן מיר דאָך, איבריקנס, נישט בלויז אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, וועלכע פירט אן ערלעכע און לאָיאַלע מינדערהייטס-פּאָליטיק, נאָר אויך אין אנדערע לענדער, וועלכע טוען כל-ערליי מאַכינאַציעס, בכדי נאָכמער צו פאַרמינערן די באַדייטונג פון די מינ-דערהייטן.

אין 1930 האָט אַלזאָ פּראָג אָפיציעל פאַרמאָגט 848.768 איינ-וואוינער, אונטער זיי די צאָל 17.731 אויסלענדער און די אי-בעריקע אונטערטאַנען פון דער רעפּובליק, וועלכע פאַרטיילן זיך אין נאַציאָנאַליטעטן לויט דער אונטענשטייענדיקער טאַבעלע:

| | | |
|---|---|---|
| טשעכאָסלאָוואַקן | 778 408 | ד.ה. 93,6 % |
| דייטשן . . | 41.453 | „ 5,0 |
| *) יידן . . . | 6.731 | „ 0,8 |
| מאדיאַרן . . | 2.009 | „ 0,2 |
| רוסן . . . | 1 098 | „ 0,1 |
| אוקראַאינער . | 418 | „ — |
| ווייסרוסן . . | 5 | „ — |
| פּאָלאַקן . . | 327 | „ 0,04 |
| רומענער . . | 13 | „ — |
| פאַרשידענע . | 550 | „ 0,07 |

*) די דאָזיקע צאָל שטעלט מיט זיך נישט פאָר די פאַקטישע צאָל יידן אין פּראָג, נאָר בלויז די יעניקע וואָס האָבן זיך, אין יענער צייט דעקלארירט פון „יידישן נאַ-ציאָנאַליטעט".

לויט מיין שאַצונג לעבן אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי ביז 600.000 יידן. דער גרעסטער טייל, נאַטירלעך, אין מזרח, (יידן ציט עס שטענדיק צום מזרח...). קיין גענויע דאַטן, אָבער, איבער דער יידישער באַפעלקערונגס־צאָל זענען נישטאָ. בלויז פאַר די אַלגעמיינע וואַלן קען מען מער אָדער ווייניקער פעסטשטעלן די צאָל יידן, וועלכע לעבן אין דער רעפובליק. אָבער ווי געזאָגט, זענען מאַסן יידן פאַרשריבן נישט אונטער דער רובריק פון יידישער נאַציאָנאַליטעט, בלייבן אונז בכן נאָר די פאַרשידענע אַלגעמיינע סטאַטיסטיקס, פון וועלכע מיר ציען אונזערע שלוסן. אָבער דער עיקר איז דאָך נישט וויפל יידן עס לעבן, נאָר ווי אַזוי זיי לעבן. און לעבן לעבט זיך זיי לגמרי נישט שלעכט, אין דער דאָזיקער מלוכה.



די אימפּאָזאַנטע געביידע פון דער „פּראָגער־מעסע“

# קולטור און וויסנשאַפט



דאָס בילד פון הרב זאַקס (געלעבט אין מיטל־אַלטער אין פּראָג) אין יידישן מוזעאום געמאָלן פון אַ אומבאַקאַנטן ייד. מאַלער.

מערקווירדיק, אַז פון וואָסערע פּאָזיציע מען זאָל דאָס בילד נישט באַטראַכטן, קוקט דאָס געמעל דירעקט אויפן צושויער.

*

הגם די שטאָט איז ווי מיר זען עס לויט דער סטאַטיסטיק, אַ ריין טשעכישע, טראָגן אָבער די קולטורעלע אינסטיטוציעס פון אנדערע נאַציאָנאַליטעטן זייערע אייגענע נעמען; אַזוי ווי דאָס „דייטשע הויז", דאָס „דייטשע טעאַטער" „אינגליש קאללעדזש", „ענסטיטי פראנסע דע פראג", דער יי שער „בית עם", דאָס יידישע „ראט־הויז" א.א.וו. אַזוי זענען אויך פאַרטראָטן אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג — לגמרי נישט פּראָפּאָרציאָנעל — כמעט אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון פּראָג.

פראָג האָט איינס פון די בעסט־אַנטוויקלטסטע שול־סיסטע־
מען פון גאַנץ אייראָפּע. די אוניווערסיטעט, ווי מיר האָבן שוין
אָנגעוויזן אין א פריערדיקן קאַפּיטל, איז די עלסטע אין צענ־
טראַל־אייראָפּע, געגרינדעט אין יאָר 1348, אויך די עלסטע
טעכנישע הויך־שול אין צענטראַל־אייראָפּע, געגרינדעט אין יאָר
1718 געפינט זיך אין פּראָג. די שטאָט קען זיך אויך באַרימען
מיט איינע פון די עלסטע מוזיק־קאָנסערוואַטאָריעס פון דער
גאַנצער וועלט געגרינדעט אין יאָר 1811.

אין איצטיקן מאָמענט פאַרמאָגט פּראָג 3 אוניווערטיטעטן
די „קאַרלס־אוניווערסיטעט" מיט קנאַפּע 12.000 צוהערער, די
„דייטשע אוניווערסיטעט" מיט 5282 צוהערער און די אוקרא־
אינישע אוניווערסיטעט, אויב מען קען אויך אַ ראַבינער־שול
אַריינרעכענען אינם כלל אוניווערסיטעטן, דאַן ביטע זייער...
ווייטער פאַרמאָגט פּראָג צוויי טעכנישע הויכשולן, די טשעכישע
מיט 5346 תלמידים און די דייטשע מיט אַ וואָסערע 2000
תלמידים.

אויסער דעם פאַרמאָגט פּראָג אַן אַקאַדעמיע פאַר מאָלע־
ריי, אַן עוואַנגעלישען הויך־פאַקולטעט, א פרייע הויכשולע פאַר
פּאָליטישע וויסנשאַפט, א לאַנדווירטשאַפטליכן אינסטיטוט און
נאָך אַ גאַנצע ריי קלענערע וויסנשאַפטלעכע לערן־אנשטאַלטן.

אויסער די אויבנאויסגערעכנטע האָט פּראָג א זייער פאַר־
צווייגטע נעץ פון עלעמענטאַרע און באַרוף־שולן. דערונטער 30
מיטל־שולן, 20 גימנאַזיעס, 9 רעאַל־שולן. כאַראַקטעריסטיש, אז
אין די גימנאַזיעס זענען 40 % פון די שילער מיידלעך. אויסער
דעם זענען פאַראַן 4 דייטשע מיטל־שולן, 1 רומענישע רע־
פאָרם־גימנאַזיע, איין פראַנצויזישער און איין ענגלישער ליצע־
אום. ניין (9) טעכנישע הויכשולן, 13 אַנדערערע פאַכשולן, א
דייטשע האַנדלס־אַקאַדעמיע מיט פאָרבילדונגס־שולן, 149 פאָלקס־
שולן, 97 בירגערלעכע שולן מיט 1673 קלאַסן און קנאַפּע 70.000
שילער, 85 קינדער־גערטנער מיט 207 אָפּטיילונגען. די געמיינ־
דע פּראָג איז לגמרי נישט קאַרג אויף די דאָזיקע הוצאות
און פאַר די לעצטע יאָרן האַלט מען אין איין בויען און צו־

בויען נייע שולן. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז פאַר די לעצ־טע דריי יאָר האָט די שטאָט אויף די דאָזיקע צוועקן אויס־געגעבן ביז 200 מיליאָן קראָן. ספּעציעל איז די שטאָט פּראָג פריייגיביק פאַר קינדער־גערטנער און פּרימאַר־שולן. קיין יידי־שע שולן זענען אין פּראָג נישט פאַרהאַן. אָבער אין די אַל־געמיינע שולן באַקומען די יידישע קינדער יידישן אונטער־ריכט. די פּראַגער יידישע געמיינדע האַלט אויך אויס אייגענע צוגאָב־שולן און א „תלמוד־תורה“, ליידער האָב איך דערפון קיין ציפערן נישט.

אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט איז כדאי צו פאַרצייכענען די אומגעהויער וויכטיקע אינסטיטוציע „די טשעכישע אַקאַדע־מיע פאַר קונסט און וויסנשאַפט“, געגרינדעט אין יאָר 1891, אויסער דעם די אַלט־ערווירדיקע „קעניגלעך בעהמישע וויסנ־שאַפטלעכע געזעלשאַפט“, וועלכע עקזיסטירט זייט דעם יאָר 1770, און די „מאַטיטשאַ טשעסקע“, געגרינדעט אין יאָר 1831. אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער פאַקטאָר איז דאָס באַרימטע טשע־כישע נאַציאָנאַלע מוזעאום, וועלכע ווערט יאָר יערלעך באַזוכט פון טויזנטער אויסלענדישע סטודענטן און וויסנשאַפטסמענער. אין יאָר 1924 איז געגרינדעט געוואָרן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַקאַדעמיע, א זעלטנהייט פון דעם מין אין גאַנץ אייראָפּע.

אַנדערע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זענען אָנגעשלאָסן אין די הויכשולן, אַזוי ווי דער מלוכה'שער ארכעאלאָגישער אינסטיטוט, דער אינסטיטוט פאַר ראַדיאָלאָגישע פאָרשונגען און דער באַרימטער אינסטיטוט פאַר דער אויספאָרשונג פון דער צוקער־אינדוסטרי, חוץ דעם דער מיליטעריש־וויסנשאַפטלעכער און מיליטעריש־געאָגראַפישער אינסטיטוט.

פון א גרויסער באַדייטונג אויפן אלגעמיין־וויסנשאַפט־לעכן געביט, איז דער מלוכה'ש־געאָלאָגישער אינסטיטוט און דער אַנשטאַלט פאַר דער אויספאָרשונג פון ברען־שטאָף־עקס־פּלאָטאַציע. אין אים זענען אָנגעשלאָסן די לאַבאָראַטאָריעס פאַר קוילן און ברוי־ספּירטוס־אויספאָרשונג.

עס וועט אונז צו ווייט פאַרפירן ווען מיר זאָלן דאָ אי־

בערגעבן בלויז די נעמען ליסטע פון אַלע ווּיסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער מעטראָפּאָליע. מיר וועלן זיך באַגניגן צו פאַרצייכנען, אז אין די אַלע אוי־בן־אויסגערעכנטע אונגעהויער וויכטיקע קולטור־פאַקטאָרן זענען יידן פּראָפּאָרציאָנעל גוט פאַרטראָטן.

אויפן געביט פון דער ווּיסנשאַפט קען מען נישט פאַר־בייגיין אומבאַמערקט איבער די גרויסע צאָל ווּיסנשאַפטלעכע און פּאָפּולערע ביבליאָטעקן פון פּראָג, אַזוי ווי די „פּאָפּולערע און אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק", וועלכע פאַרמאָגט 2439 אָרי־גינאַל־מאַנוסקריפּטן, 3930 האַנט־מאַנוסקריפּטן און אומגעפער 70,000 בענדער. אַלס צווייטע איז די ביבליאָטעק פון דער טעכנישער הויכשול און די ביבליאָטעק פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג מיט 83 000 בענדער און די ביבליאָטעק פון נאַציאָנאַל־מוזעאום מיט איבער 400.000 בענדער, און ארום 100.000 בריוו. באַזונדערס אינטערעסאַנט און איינציק אויף דעם געביט איז די „סלאַווי־שע ביבליאָטעק".

דאָס קינסטלערישע לעבן פון דער שטאָט פּראָג דריקט זיך נישט בלויז אויס אין די אומצייליקע פּראַכט־מאָנומענטן, און קונסט־געביידעס, וועלכע מיר באַגעגנען דאָ אויף שריט און טריט, הן פון אַמאָליקע יאָרן און הן פון דער לעצטער צייט, נאָר אויך אין די פּראגער מוזעאומס, וואו עס זענען אויפגע־זאַמלט אוצרות פון ריין נאַציאָנאַלער טשעכישער קונסט אינם לויף פון יאָרהונדערטער.

— „בעת דעם דרייסיק־יעריקן קריג — קלאָגט זיך פאַר מיר דער קאָנסערוואַטאָר פון פּראַגער נאַציאָנאַל־מוזעאום — האָט מען פון דאַנען פאַרשלעפּט טויזנטער קונסט־ווערק איבער דער גאָרער וועלט." אָבער דאָס וואָס איז געבליבן איז נאָך גענוג גרויס נישט בלויז פאַר אַזאַ מלוכה ווי טשעכאָסלאָ־וואַקיי נאָר מאַנכע גרעסערע לענדער וואָלטן זיך געקענט דערמיט באַרימען".

פּראָג איז זייט דעם 19־טן יאָרהונדערט איינע פון די פירנדיקע שטעט אויפן געביט פון טעאַטער־קונסט און דאָס

פאָלק איז דערצו דערצויגן. דער נאַציאָנאַל־טעאַטער טראָגט אינם פאָלקס־מויל דעם נאָמען „די גאָלדענע קאַפּעלע“. צוזאַ־מען מיט אַלע אייראָפּעאישע הויפּט־שטעדט האָט אויך פּראָג אין מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די דראַמאַטישע קונסט, וועלכע שטייט אין מיטלפּונקט פון גע־זעלשאַפטלעכן לעבן אין פּראָג.

אויפן געביט פון אָפּערע האָט אויך בעהמען צו פאַר, צייכנען באדייטנדע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי סמעטאַנאַ, פיביך א.א. פון די מאָדערנע אָפּערן איז גענוג דאָ צו דערמאָנען „געַנובאַ“, א שאַפונג וועלכע האָט מיט א יאָר 8 צוריק אויפגערודערט די גאַנצע אייראָפּעאישע טעאַטער־וועלט, אַן אָפּערע, וועלכע שפּילט זיך אָפּ אינם מעהרישן דאָרף און טראָגט אונז אריבער אין דער אייגנאַרטיקער אטמאָספערע פון דער הויך־אַנטוויקל. טער לאַנדווירטשאַפט פון דעם דאָזיקן לאַנד.

ווי מיר האָבן שוין אויבן באַמערקט פאַרמאָגט פּראָג איי־נע פון די עלטסטע מוזיק־קאָנסערוואַטאָריעס און דאָס איז זי־כער איינער פון די גורמים אין דער אַנטוויקלונג פון דער טשעכיש־נאַציאָנאַלער אָפּערע. די אָפּערע איז נישט בלויז א פּראַגער אינסטיטוציע און מען קען זאָגן, אַז אין גאַנצן לאַנד ווערט געפלעגט אַ קולט פאַר סצענישער מוזיק, און אין יע־דער גרעסערער אָדער קלענערער שטאָט זענען אָפּערן־אויפפי־רונגען נישט קיין זעלטנהייט. אָבער אויך די פילהאַרמאָניע איז שטאַרק אַנטוויקלט. דאָס באַווייזן די אומצייליקע מוזיק, געזעלשאַפטן ווי „הודעבני—מאַטיצע“, „קאַמער מוזיק פאַריין“ און דער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער פון פּראַגער ראַדיאָ, וועלכער ווערט גערן געהערט אויף אַלע אייראָפּעאישע סטאַציעס.

אין דער ריין טשעכישער מוזיק, ווי למשל די אויבנ־דערמאָנטע אָפּערע, פאַרייניקט זיך דער סלאַווישער סענטימענ־טאַליזם מיט דער אייראָפּעאישער ראפינירטקייט. בכלל קען מען דאָס טשעכישע פאָלק באַצייכנען אַלס מוזיקאַליש הויך־אַנט־וויקלט. איך האָב דאָ נישט קיין רעגיסטער פון יידישע מוזי־קער, אָבער כדאי צו דערמאנען, אז איבער 30% פון פּראַגער

מוזיקער זענען יידן. איר געפינט זיי אין דער אָפּערע, אין דער אָפּערעטע און אין ראַדיאָ; א געוויסע השפּעה אויף דער טשעכישער פאָלקס־מוזיק האָט דאָס נאָענטע אונגארן און ספּע־ציעל ווען מ׳נעמט אין אַכט, אַז טיילן פון דער איצטיקער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק זענען יאָרהונדערטער אונטער־לעגן דער אונגאַרישער הערשאַפט.

ספּעציעל האַרציק זענען די סלאָוואַקישע פאָלקס לידער; עס ליגט אין זיי עפּעס פון דער אוקראַאינישער אומעטיקייט באַ־הויכט מיטן ציגיינישן אימפּעט פון די ברייטע סטעפּעס. עס איז גענוג צו הערן די סלאָוואַקישע הימנען, כדי פון דאָרטן אַרויסצוהערן די צוויי טענדענצן.



כתר תורה (ייד. מוזעאום פּראַג)

# ספּאָרט

איר קענט זיך האָבן אייער מיינונג איבער ספּאָרט, איר קענט עס האַלטן פאַר נוצלעך אָדער פאַר צייט־פאַרלוסט; אָבער צוגעבן וועט איר מוזן, אַז צום גרויסן טייל אַ דאַנק די ספּאָרט־לעכע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך דערנענטערט די גאולה פון די סלאַווישע פעלקער. איך רעד דאָ פונם "סאָקאָל" אַ מין סלאַ־ווישער „מכבי", אַנטוויקלט אין די דריי לענדער יוגאָסלאַוויען, פוילן און טשעכאָסלאָוואַקיי. אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע וועלכע באַ־שטייט נישט בלויז פון יוגנט נאָר אויך פון עלטערע פון ביי־דע געשלעכטער. דער ציל איז ספּאָרט, אָבער דאָס איז נישט אינגאַנצן: די אויפגאַבע, און דאָס איז דער עיקר, איז נאַציאָ־נאַלע אחדות. איך גיי דאָ נישט שרייבן די געשיכטע פון דער באַפרייאונג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי אָבער פאַרבייגייענדיק דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אַ דאַנק די דאָזיקע נישט־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס איז דערנענטערט געוואָרן די גאולה פון די דערמאָנטע פעלקער. דעם דעוויז פון אַ געזונטן גייסט אין אַ געזונטן קערפּער האָבן די טשעכן געוואוסט גוט אויסצונוצן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, פאַרקערפּערט אין זיך די בעסערע ספּאָרט־אידעאַלן צוזאַמען מיט דעם ריינעם־נישט דע־מאַגאָגיש־נאַציאָנאַליסטישן פּאַטריאָטיזם. אין די רייען פון טשע־כישן סאָקאָל האָבן אויך יידן פּלאַץ און אויפן 8־טן קאָנגרעס פון סאָקאָל וואָס איז פאָרגעקומען אין פּראָג האָבן זיך אייניקע יידן זאָגאַר אויסגעצייכנט.

בכלל איז די טשעכישע יוגנט ספּאָרטליך, צום טייל אַ דאַנק דער דערציונג און אַ דאַנק די נאַטירלעכע אייגנשאַפטן פונם לאַנד, וועלכע דערציט איר באַפעלקערונג צו ספּאָרט. אַזוי איז דער טשעכישער (יידישער) „מכבי" איינע פון די מוסטער־האַפטסטע אָרגאַניזאַציעס און אַזוי איז אויך דער בית"ר און די סקאויטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס. ספּאָרט איז דאָ אַ טייל פונם אַל-טעגלעכן לעבן מיר וועלן זיך נאָך דערצו אומקערן רעדנדיק וועגן די מקומות פון זומער און ווינטער-ספּאָרט אין דער רעפּובליק.




ספאָרט יום־טוב פון טשעכאָסלאָוואַקישן „סאָקאָל" אויפן פראָגער סטאַדיאָן

# פּראָגער אומגעגנט

נישט בלויז די שטאָט נאָר אויך די אומגעגבונג פון פּראָג איז וואונדערפול. אַ שפּאַציר אין דער אומגעגבונג פון פּראָג צופוס אָדער אויף אַ מאָלדאַווע-שיפל איז איינס פון די שענסטע אויספלוגן, וועלכע מען קען זיך ווינטשן אין אַ הויפּט-שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז צופוס איז שווערער צו גיין ווי פאָרן מיט אַ שיף. האָבן מיר זיך דעריבער אין אַ שיינעם זונטיק אַראָפּגעלאָזט צו דער פּאַלאַצקי-בריק און איינגעשטיגן אינם שפּאַציר-דאַמפער צוזאַמען מיט אַ מענגע יום-טובדיק געשטימטע און יום-טובדיק אָנגעטוענע מענטשן. אויפן שיף שפּילט אַן אָרקעסטער, פאָרלעך דרייען זיך פריילעך, מיר פאָרן פאַרביי קודם כל די פּאַלקס-בעדער, פון וואַנען מיר ווערן באַגריסט מיט אַ פריילעכן הוראַ פון די באָדנדיקע נימפן. אַ ביסעלע ווייטער קוקט צו אונז אַראָפּ דער באַרימטסטער טעראַסן-רעסטאָראַן פון אייראָפּע, דער „באַראַנדאָוו" מיט זיין אולטראַ-מאָדערנער געביידע מיטן לייכט שטרום, רונד אַרום באַפלאַנצט מיט גרינס, טעראַסז איינע איבער דער אַנדערער און אַלץ געדיכט באַזעצט מיט אַ גוט געשטימט פּובליקום; אַן אָרקעסטער לאָזט הערן זיינע קלאַנגען און אויפן פּאַרקעט אונטערן הימל דרייען זיך לוסטיקע פּאָרלעך; איר האָט דעם איינדרוק אַראָפּקוקנדיק אויף דעם שאַרף-אָפּגעשניטענעם פעלזן-ברעג, צו האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פעען-רעפּובליק, וואו די מענטשן לעבן זאָרגלאָז, וואו די זון שיינט אַזוי פריילעך, וואו אַלעס שפּילט און זינגט און טאַנצט און איר באַשליסט, אַז צוריקפאָרנדיק וועלן מיר דאָס שיף אַליין לאָזן זיך אַראָפּגליטשן אין שטאָט-אַריין און מיר וועלן דאָ מאַכן אַ וויזיט, אַביסל מיטלעבן דאָס דאָזיקע זאָרגלאָזע שטימונגספולע לעבן.

צו ביידע זייטן פון טייך גרינען זיך אַלעען. אַן אומאויס-הערלעכער צוג פון שפּאַצירנדיקע גרויסשטעטלער, וועלכע זענען „אַרויס אין פרייעם" לכּבוד זונטיק. מיר פאָרן פאַרביי „כוכלע", דעם פערד-געיעג-פּלאַץ, אויך דאָרטן איז פול אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן מאַסן, און איך טראַכט ביי זיך: געוואַלט, ווי גרויס איז דען פּראָג, וועלכע שפּייט פון איר אַרויס אַזויפיל מענטשן! שליסלעך איז דאָך פּראָג איינע פון די איינצעלנע שטעט, וועלכע איז אויך זונטיק שטאַרק באַלעבט, ווייל דער פּראָגער וועט זיך נישט לאָזן באַרויבן זיין באַליבטן נאָך-מיטאָק קאַפע. אָבער פּראָג האָט אויך טוריסטן, וועלכע ווערן זייער גוט אינפאָרמירט און ווייסן, אַז די אומגעבונג איז נישט ווייניקער אינטערעסאַנט ווי די שטאָט גופא.

איין זאַך פעלט דער פּראָגער אומגעבונג און דאָס זענען; וועלדער, די אינדוסטרי, די וואַרשטאַטן און דער טראַנספּאָרט



באַראַנדאָוו: דאָס שענסטע טעראַסן-לאָקאַל פון אייראָפּע

אַרום פּראָג האָבן קיין פּלאַץ נישט געלאָזן פאַר אַזאַ לוקסוס, און דעם פרעמדן, וועלכער איז דורכגעפאָרן אַ שטיק פון דעם דאָזיקן לאַנד, איז זיך שווער צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז אין דעם דאָזיקן וואַלד-רייכן לאַנד איז די מעטראָפּאָליע אַזוי אָרעם אין בוימער. אָבער די טשעכן האָבן דאָס פערגלייכט דורך גערטנער און אַלעען, אַזוי, אַז דער מאַנגל איז נישט צו שטאַרק פילעוודיק.

אַ שפּאַצירגאַנג זומער אָוונט אין „בוימגאָרטן" וואו עס ווערן טעגלעך געגעבן סימפאָנישע קאָנצערטן: איז לגמרי נישט קיין קרומע זאַך, און אויב איר שפּאַצירט דאָרט בייטאָג, קענט איר זיך אויף אַ ווײַלע אַריינכאַפּן אין דעם אויסשטעלונגס פּאַלאַץ, אין דער מאָדערנער גאַלעריע און זעטיקן אייער אויג מיט אולטראַ-מאָדערנער קונסט.

און טאָמער זענט איר גראָד נישט געשטימט פאַר קונסט טאָ דאַרפט איר נאָר אַראָפּנידערן ביזן ברעג פון דער מאָלדאָווע, פאַר עטלעכע העלער פירט מען אייך אַריבער צום שלאָס טראיא, איינער פון יענע הערלעכע שלעסער, מיט וועלכע די פּראָגער אומגעבונג איז אַזוי רייך, און נעבן בײַ קענט איר באַוואונדערן דעם פיין אויסגעשטאַטן זאָאָלאָגישן גאָרטן און אַ ווײַלע נאָכקלערן וועגן דאַרווין און זיין טעאָריע...

*

הונדערט מאָל האָב איך זיך געוועדט און ביז איצטער וויל איך דעם גוטן מלאך פון די טוריסטן, דעם „בעדעקער" קיין קאָנקורענץ נישט מאַכן, אָבער וואָס לאָזט זיך מאַכן. אין פּראָג בין איך אַליין אַרומגעקראָכן מיטן „בעדעקער" אין האַנט און פּאַטאָגראַפישן אַפּאַראַט אָנגעהאָנגען אויף דעם אַקסל פונקט להבדיל אַן אַמעריקאַנער אויף די גרויסע בולוואַרן פון פּאַריז... און אַזוי האָב איך נישט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט אַלץ צו הערן און אַלץ צו פאַרשרייבן, און וויפל איך באַמי זיך נישט מער ווי צו געבן איינדרוקן קומט מיר אויס, אַז איך טו דאָ אָפּ אַ גרויסע עולה ווען איך גיי פאַרביי אומבאַמערקט איבער געוויסע קעגנשטאַנדן פון אַ געוואַלדיקער קונסט - ווערט און היסטאָרישער באַדיי-



דער אימפּאָזאַנטער גאָטישער טויער פון שוהל



ייד. ראָטהויז, פּראָג מיט די גויישע און ייד. זייגערס

טזנג, איך וויל מיך אָבער דאָך באַפרייען פון נוסח בעדעקער — פּאַריז אין 24 שעה אָדער פראַנקרייך אין 3 טעג...

טאָ וועל איך דאָ דערציילן אַן אַלטע פּראָגער יידישע לעגענדע, וועלכע איך האָב געהערט פון אַ פּראָגער יידן, איינער פון יענע יידן, וועגן וועלכע איך האָב שוין געשריבן אין די ערשטע קאַפּיטלען. אַ ייד פון דער מייזל גאַס וואו זיין טאַטע, זיידע און עלטער זיידע איז געבוירן געוואָרן און געשטאָרבן. מיין דערציילער אַליין איז אַ ייד שוין אין די הויכע שבעים, אַ „מנין מאַן" אין דער אַלט-ניי-שוהל, און דאָס וואָס ער האָט מיר דאָ איבערגעגעבן האָט ער בקבלה פון זיין פאָטער.

בעת מיינע באַזוכן אין פּראָג פלעג איך קיינמאָל נישט פאַרפעלן זיך אויף אַ ווײַלע אַריינכאַפּן אין דער אַלט-ניי-שוהל. זיך אָנגעמען מיטן הויך פון אַלט יידישער מסורה, וועלכער שוועבט אַרום די גרויע מויערן פון דעם דאָזיקן מקום קדוש. אָפט פלעגט מיר אויסקומען כאַפּן אַ שמועס מיט איינעם פון די מנין לייט, יידן זקנים מיט פּנימער ענלעך צו די מאַט גרויע מויערן פון דער שוהל אין זייער משונה מאָדנעם טראַכט פון האַלב מאָדערן האַלב מיטלאַלטער, וועלכע פאַרפעלן נישט דריי מאָל אין טאָג צו קומען אין דער אַלט-ניי-שוהל אויפהאַלטן דאָס ביסל פרומע יידישקייט פון פּראָג.

די דאָזיקע יידן, אויב מען ווייסט נאָר ווי אַזוי מיט זיי צו רעדן, זענען אַ קוואַל פון יידישן פאָלקלאָר פון אַלט יידישער מסורה פון דער שוין ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון דער קהלה קדושה פּראָג.

שטיי איך אַזוי אין אַ זומער פאַרנאַכט פאַר דער שוהל, און נעבן מיר אויף די טרעפּלעך אַ ייד, נאָר וואָס דוכט זיך, אַראָפּגעקומען פון אַן אַלטן רעמבראַנד בילד. אין דער האַנט האַלט ער אַ פאַרפּעצטן דיק-בויכיקן סידור'ל און וואַרט אומגעדולדיג אויפן שמש, וועלכער דאַרף באַלד קומען עפענען די שוהל.

שוין, אַ סך יאָרן, זיידע ווי איר קומט דאָ דאַווענען? פרואוו איך מיט דעם אַלטן פאַרקניפּן אַ שמועס.



אַמאָליקער פּראָגער געטאָ מיט אַלט־ניי־שוהל



פון פארשוואונדענעם פראָגער „געטאָ" — „דער שוהל הויף"

— שוין אַ סך וואַסער אָבגעלאָפן אונטען אין דער מאָל־דאו, פון יענעם טאָג ווען איך האָב דאָ בר־מצוה געפּראַוועט אין דער אַלט־ניי־שוהל, ענטפערט מיר דער אַלטער, אַביסל נישט צו דער זאַך. כאַפּ איך זיך באַלד, אַז מענטשן אין זיין עלטער האָבן פיינט צו רעדן וועגן דער פּינקטלעכער צאָל פון זייערע יאָרן און גיי איבער צו אַן אַנדער טעמע.

— עפּעס אַ סך פרעמדע קומען לעצטנס אַהער? — איך שטעל די פראַגע כדי נישט צו פאַרלירן דעם שוין אָנגעקניפּטן קאָנטאַקט מיט דעם דאָזיקן זקן. — עס קומען, ענטפערט דער אַלטיטשקער, עס קומען עפּעס אַ זעלכע מאָדנע איילעגדיקע מענטשן וואָס וואָלטן וועלן אַלץ וויסן זען אין איין איינציקן טאָג...

— טאָ ווי וואָלט איר וועלן זיידעשי, פרעג איך אים, זיי זאָלן דאָ אָפּזיצן וואָכן לאַנג, און וואָס איז בכלל דאָ פאַראַן לאַנג דאָ צו פאַרברענגען? פרוּאוו איך דעם אַלטן אַרייסברענגען פון געדולד...

— אויב איר האָט קיין צייט נישט, ווערט דער אַלטער אין כעס, טאָ צו וואָס אַרויסוואַרפן געלט און אַהערקומען. איר קומט און כאַפּט אַ קוק אויפן מוזעאום, גייט אַריין אויך עט־לעכע מינוט אין דער אַלטער שוהל און היידא אַוועק און איר



דער אַלטער פּראָגער בית־עלמין

אַנערקענונגס-אַדרעס פון קייזער יאָזעף פאַר אַ אידישן דאָקטאָר

די „חברה קדישה" פון פראָג — (געמעל פון 17-טן יאָרהונדערטס,
אין הינטערגרונט דער אַלטער פראָגער בית עלמין)

מיינט, אַז איר האָט שוין געזען און געהערט אַלץ וואָס ס'איז נאָר פאַראַן. גייט אַרויס אין דער אומגעבונג פון דער שטאָט און קוקט זיך צו צו די אַלטע שלעסער און קומט צוריק וועל איך אייך דאַן דערציילן פון אַמאָליקן פראָג קענט איר דעם ווייסן באַרג, נישט ווייט פון ברשענאָוו? — דאָרט איז פאַראַן אַן אַלטער שלאָס, אין דער פאָרם פון אַ מגן דוד. ווייסט איר, טריומפירט דער אַלטער, די געשיכטע פון דעם דאָזיקן שלאָס?

— איך גיב דעם אַלטן צו, אַז איך האָב קיין השגה נישט דאָס איז פאַר אַ מין שלאָס.

— הערט זיך גוט צו, נעמט דער אַלטער דערציילן; דאָס האָב איך געהערט פון מיין זיידן, אַ ליכטיקער גן־עדן אים, און ער האָט דאָס געהערט פון זיין עלטער זיידן און דער עלטער זיידע פון זיין פאָטער, וועלכער האָט זיך אין יאָר 1620 געשלאָגן אין יענעם טאָל, נישט ווייט פון שלאָס „שטערן" דאָרט וואו עס געפינען זיך היינט די מאנעווער פעלדער.

צו יענער צייט איז די יידישע פליישער־צונפט (קצבים קאָאָפעראַציע) געווען אַן אָנגעזעענע חברה און האָט געשפילט אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון דער שטאָט פראָג און פון גאַנצן קעניגרייך. און בעת דער גרויסער מלחמה האָבן די אידן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט, אָבער מ'האָט זיי נישט אַזוי פאַרגיטיגט ווי די איבריקע מלחמה העלדן. אין דער זעלבער צייט האָט אין פראָג געלעבט אַן אַרכיטעקט, וועלכער האָט שטאַרק ליב געהאַט אידן און די זאַך האָט אים געקרענקט, אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט טאָן...

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז אַהערגעקומען וואוינען דער גרויסער ערצהערצאָג פערדינאַנד, וועלכער האָט אין וויען נישט געקענט זיך ווייזן מיט זיין פלגש (מעטרעסע) די שיינע פיליפינע, און ער האָט איר געלאָזט אויפבויען דעם דאָזיקן קליינעם פּאַלאַץ. דער אַרכיטעקט דער אוהב ישראל, וועלכער איז באַאויפטראַגט געוואָרן צו מאַכן די פּלענער איז דאַן געפאַלן אויף דער המצאה צו בויען דעם פּאַלאַץ אין דער

פאָרם פון אַ מגן־דוד אַלס צייכן אַז די יעניקע, וועלכע האָבן אויף זייער פּאָן דעם דאָזיקן הייליקן עמבלעם, זענען געווען אויף דעם פּלאַץ און האָבן זיך מוטיק געשלאָגן צו גלייך מיט די אַנדערע...״ און פּונקט ווי דער ערצהערצאָג באַהאַלט זיין געליבטע דאָ אין שאָטן פון דעם דאָזיקן פּאָלאַץ, אַזוי בלייבן די אמתע העלדן אין שאָטן פון דער פאַרגעסנהייט...

ביי דער גאַנצער וועלט איז דער שלאָס באַקאַנט אונטערן נאָמען שטערן־שלאָס, ווייל אין יענע צייטן האָט מען אַזאַ זאַך נישט געטאָרט ברענגען איבער די ליפּן אָבער אין דער אמתן איז דער שלאָס אַ מגן דוד און נישט קיין שטערן...

מיין אַלטיטשקער האָט זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס׳איז שוין אַריבער זמן מנחה און אָן אַ זיי געזונט פאַרשוואונדן אין פינסטערן חלל פון דער שמאָלער גאָטישער טיר אין פון דער אַלט ־ ניי ־ שוהל.



דער עטלעכע הונדערט־יאָר אַלטער כסא של אליהו
און דאָס „יידיש־וויגעלע״ אין דער אַלט־ניי־שוהל

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז די אומגעבונג פון פּראָג באַשטייט פון לויטער לוסט־שלעסער און אַלטע לעגענדאַרע געביידעס, ניין פּראָג האָט אויך אַן אומגעגנט פון פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואָס זעלטן אַ גרויסע־שטאָט פאַרמאָגט

עס. און, לאָמיר נישט פאַרגעסן צו באַמערקן דעם גרויסן אָנטייל פון יידן אין דער אָנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און פאָרטזעצונג פון די אונטערנעמונגען.

די גרעסטע אונטערנעמונג, איז בלי ספק, די „טשעסקאַ־מאָראַווסקא קאָלבען דאַניעק” אַ מאַשינען פאַבריק פון גרויסן קאַליבער, געגרינדעט פון ענגלנדער און יידן און איז ביי היינטיקן טאָג פונקט ווי דער גרעסטער טייל אונטערנעמונגען, קאָנטראָלירט פון די באַנקהייזער. די רינגהאָפער ווערק, וועלכע ליפערן אייזנבאַן מאַטעריאַלן אין גאַנץ אייראָפּע; די וואַלטער אויטאָמאָביל־פאַבריקן. די גלאָז פאַבריקן און הוטן. די טעלעפאָן און ראַדיאָ פאַבריקן. שאָקאָלאַד פאַבריקן און פאַרבן ווערק. אגב האָט פראָג די גרעסטע אייזנבאַן־וואַגאָן־פאַבריק אין דער וועלט.

אָבער פאַר דער אינדוסטרי אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי וועלן מיר ווידמען עטלעכע באַזונדערע קאַפּיטלען און דאָ האָבן מיר נאָר, פאַרבייגייענדיק געוואָלט געבן אַ באַגריף פונם פאַר־נעם פון דער שטאָט, וועלכע שטאָלצירט מיט דער אויפשריפט אונטער איר עמבלעם.: „פראָג די מוטער פון די שטעט”.



די פּאָן פון דער אידישער „קצבים־צונפט” (מתּנה פון קעניג פערדינאַנד פאַרן פאַרטיידיקן פּראָג)

# מ אַ ס אַ ר י ק

„איך האָב געקעמפט אין מיין יוגנט פאַר דער באַפרייונג פון דעם אומשולדיקן הילזנער (באַשולדיקטער אינם אונגאַרישן באַרימטן עלילת־דם פראָצעס) און וועל איצטער פאַרזעצן דעם קאַמף קעגן דעם אומרעכט, וואָס עס געשעט די זעקס הונדערט־טויזנט הילזנערס אין דייטש־לאַנד".

טאָמאַס ג. מאַסאַריק

(פון די צייטונגען, נאָך היט־לערס איבערנעמען די מאַכט)

**עס איז, לויט מיין מיינונג, אוממעגלעך איינצוטונקן די פעדער און שרייבן פון דער דאָזיקער רעפובליק נישט דער־מאָנענדיק דעם נאָמען פונם באַשיידענעם געלערטן אויפן הראַ־טשין־באַרג אינם פרעזידענטן שלאָס אין פראָג, ט. ג. מאַסאַריק, און זיין טרייען מיטאַרבעטער ד״ר עדואַרד בענעש. ווייל מיט די ביידע נעמען איז פאַרבונדן דער קאַמף און די באַפרייאונג פון דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פאָלק. מיט די ביידע נעמען איז אויך פאַרבונדן די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע מינאָרי־טעטן וועלכע לעבן אויף דער טעריטאָריע פון דער טשעכאָ־סלאָוואַקישער רעפובליק. איך וויל דעריבער בקיצור דאָ איבער־געבן עטלעכע וויכטיקע שטריכן אינם לעבן פונם פאָטער פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפובליק.**



מאַסאַריק אַלס יונגערמאַן

היינט מיט אומגעפער 60 יאָר צוריק האָט דער דאַמאָלסדיקער יונגער געלערנטער און איצט*) „פרעזידענט באַפרייער" אָנגעהויבן זיין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון זיין פאָלק מיט 60 יאָר צוריק האָט טאָמאַס ג. מאַסאַריק מיט אַ פאַרבליפענדער קלאָרקייט פאָר־ויסגעזען די געשעענישן און זיי האָבן זיך אין די וויטערדיקע פאַר צענדליק יאָר אָפגעוויקלט. ס'איז מערקווירדיק ווי צוגעפאַסט ס'איז דער אַרטיקל געשריבן פון טאָמאַס ג. מאַסאַריק אין 1876 וועגן אַ פראַנקאָ־טשעכישער צו־זאַמענאַרבעט, צו די היינטיקע פאַרהעלטנישן. און אין דער דאָזיקער ריכטונג האָט דער קאָנסעק־ווענטער פאָליטיקער און געלערטער זיין לעבן לאַנג געאַרבעט.

אַ לעבן לאַנג אַלס געלערטער, פאָליטיקער, פאַרלאַמענט-דעפוטאַט און שפעטער אַלס עמיגראַנט האָט דער דאָזיקער אומדערמידלעכער, כ'וואָלט זאָגן „איבערמענטש", אָפגעגעבן פאַר דער באַפרייאונג פון זיין פאָלק אָבער ס'וואָלט געווען פאַלש צו גלויבן, אַז מאַסאַריק איז געווען אַזוי ענג-הערציק און זיך אָפגעגעבן נאָר מיטן קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אייגן פאָלק, ניין, מאַסאַריק האָט ביי יעדער געלעגנהייט אויך אַרויסגעוויזן זיין נאָבעלן כאַראַקטער אין דער פאַרטיידיקונג פון אַלע שוואַכע און אונטער־דריקטע. און נאָך ביז היינט געדענקען די יידן פון דער עסטרייכיש - אונגאַרישער אימפעריע זיין אַרויסטריט בעת דעם באַרימטן עלילות-דם פראָצעס איבער הילזנער. מאַסאַריק איז דאָן

*) דאָס איז דער אָפיציעלער טיטול, וואָס דאָס פאָלק האָט אים געגעבן — און דער פאַרלאַמענט האָט דאָס אָנגענומען אַלס געזעץ.

געווען דער עסטרייכישער זאָלא, דער, וועלכער האָט געוואָגט אין דער פאַרפעסטעטער אַטמאָספער פון בלוט און האַס צו זאָגן דעם אמת. און אַז מאַסאַריק איז בעת די מלחמה-יאָרן געקומען קיין ניו-יאָרק לטובת זיין אידעאַל, האָבן ניו-יאָרקער יידן געדענקט וואָס מאַסאַריק איז פאַר יידן, און האָבן זיך אַרויסגעוויזן דאַנקבאַר.

און שפּעטער שוין אַלס מלוכה-שעף האָט מאַסאַריק נישט פאַרגעסן זיינע יידישע פריינט און ס׳איז נישט פאַרהאַן קיין שום יידישע אָנגעלעגנהייט, מיט וועלכער דער ערווירדיקער זקן זאָל נישט זיין פאַרטרויט. נישטאָ דער חודש וואו אַ יידישע דעלע-גאַציע זאָל נישט באַזוכן מאַסאַריקן און די רעזולטאַטן זענען תמיד פאַר אונז פּאָזיטיווע.

זיין באַציאונג צו אונזער אויפבוי-ווערק אין ארץ-ישראל איז כ׳וואָלט זאָגן, אַ הונדערט-פּראָצענטיק ציוניסטישע. זיין באַזוך מיט עטלעכע יאָר צוריק אין ארץ-ישראל איז געווען דער באַזוך פון אַ גוטן אַלטן זיידן ביי זיינע זעלבסטשטענדיקע אייניקלעך. בעת דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין פּראָג האָט זיך דער אַלטער פּרעזידענט טעגלעך געלאָזט אינפאָרמירן איבער אַלץ, וואָס איז דאָרט פאָרגעגאַנגען, און האָט אויסגעדריקט זיין אומצופרידנקייט מיט דער צוריסנקייט, וואָס האָט דאַן געהערשט אין אונזערע רייען.

מיר ווענלן איבערלאָזן פאַר די היסטאָריקער און געשיכטע שרייבער די דעטאַלן פון דעם איבער-מענטשלעכן קאַמף און זיג פון טאָמאַס ג. מאַסאַריק, דער מענטש און אידעאַליסט, וועלכער האָט ביי זיין לעבן זוכה געווען צו אַ פולשטענדיקער פאַרווירקלע-כונג פון זיין אַזוי מענטשלעכן אידעאַל.

טאָמאַס מאַסאַריק האָט ביי דער גרינדונג פון דעם נייעם שטאַאַט געלייגט דעם יסוד פאַר אַ נייער הומאַניסטישער פּאָליטיק, וועלכע ער וויל און האָט צום גרעסטן טייל פאַרווירקלעכט אינם גאַנצן טשעכאָסלאָוואַקישן שטאַאַטס-וועזן און, וואָלט עס אויך ווענלן זען אַלס אַ גרונד-לאַגע פאַר אַ באַנייטער, פאַרייניגטער, אייראָפּע. דאָס דאָזיקע אידעאַל פאַרקערפּערט אויך אין זיך צום גרעסטן טייל די טשעכישע קאָנסטיטוציע, וועלכע רעגלט די באַציאונגען צווישן

די פעלקער אונטער זיך אויף אַ גערעכטן און דעמאָקראַטישן אופן.

ט. ג. מאַסאַריק האָט נישט בלויז באַפרייט נאָר אויך דערצויגן פּאָליטיש דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק. ער האָט זיי אָנגעוויזן דעם וועג פאַר אַ האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. אַזוי איז געווען דאָס אויסזען פון די טשעכאָסלאָוואַקישע דעלעגאַציעס אין ווערסאיל און הײַנט נאָך קנאַפּע 17 יאָר זעלבסטשטענדיקייט, אין אַ צײַט, ווען אין לאַנד האָבן שוין באַוויזן זיך אויסצובילדן שטאַרקע פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן, געפינען מיר אַלס אַ זעלטענעם אויסנאַם דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פּאַרלאַמענט וואו אַלע פּאַרטייען אַרבעטן, כ׳וואָלט זאָגן, אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָניע.



פּרעז׳ מאַסאַריק בעת זײַן באַזוך אין ארץ־ישראל. פאָטאָגראַפירט מיט ר׳ חיים זאָנענפעלד און די חסידים בײַ די „אונגאַרישע חיזער״ אין ירושלים.

אין טשעכאָסלאָוואַקיי הייסט מאַסאַריק „דער באַפרייצר״. אָבער מאַסאַריק דער פּרעזידענט, קעגן וועמען ס׳האָט זיך ביז

היינט, נאָך 3 מאָל וואַלן, קיין איינציקער קאַנדידאַט נישט אַרויס-געשטעלט, מאַסאַריק דער מלוכה-מאַן און מאַסאַריק דער דערציער בלייבט שטענדיק דער זעלבער טיף-מענטשלעכער פילנדיקער און דענקענדער וויסנשאַפטסמאַן און תלמיד-חכם פאַר וועמען פריינט און קעגנער בויגן דעם קאָפּ מיט באַוואונדערונג און מיט דרך-ארץ.

וואויל איז דעם לאַנד וועמענס הערשער ס'איז אַ דענקער און פילאָזאָף!















פאָן, שטאַנדאַרט און עמבלעמען פון
דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק.



## בענעש
פרעזידענט פון דער רעפובליק

## בענעש

(דער מיטל אייראַפּייאישער בריאַן)

די געשיכטע פון אייראָפּייאישער פּאָליטיק, פאַר די לעצטע הונדערט יאָר ווייסט נאָר פון געציילטע עטלעכע שטאַטס-מענער מיט אַזאַ פּאָפּולאַריטעט און איינפלוס, ווי דער געוועזענער אויסערן מיניסטער און איצטיקער פּרעזידענט פון דער טשעכאָ-סלאָוואַקישער רעפּובליק עדואַרד בענעש. איך גלויב קיין טעות נישט צו מאַכן, ווען איך וועל בענעשן באַצייכנען אַלס דעם פּאָפּו-לערסטן און איינעם פון די קלוגסטע מלוכה-מענער פון היינטיקן אייראָפּע.

בענעש פאַרמאָגט אין זיך די מעלות פון אַן עלאַסטישן דרום אייראָפּייער און דעם שטאַרקן ווילן פון אַן אָנגעהעריקן פון זיין ראַסע. אין בענעשן פאַרהערלעכן מיר די שפּילעוודיקע לייכט-קייט פון אַ פראַנצויז און באַוואונדערן די אומדורכדרינגלעכקייט און אויסדויער פון אַ דייטש.

בענעש איז פאַר דער טשעכאָסלאָוואַקיי, דאָס וואָס עס איז אַמאָל געווען מעטערניך פאַר עסטרייך, אונגאַרן און, ערשט נישט לאַנג צוריק, בריאַן פאַר פראַנקרייך.

אָבער בענעש איז קיין קאָפּיע נישט, אַ צו שטאַרקע פּערזענ-לעכקייט איז ער כדי מיר זאָלן, אַפילו אויף איין איינציקער מינוט, דענקען אַז ער קאָפּירט ווער עס איז. ווייל נישט קוקענדיק דערויף וואָס די טשעכאָסלאָוואַקיי איז נאָך פאַרהעלטניסמעסיק אַ יינגע מלוכה, און בענעש איז אָפּיציעל, ערשט אַ וואָסערע 20

יאָר אין דער פּאָליטיק קען מען אים, מיט רעכט, רעכענען פאַר איינעם פון די עלטסטע אייראָפּייאישע פּאָליטיקער. ווייל בענעש האָט זיין פּאָליטישע קאַריערע אָנגעהויבן לאַנג איידער זיין לאַנד איז באַפרייט געוואָרן. און, צום גרויסן טייל, אַ דאַנק אים איז די טשעכאָסלאָוואַקיי דאָס וואָס זי האָט געטרוימט צו ווערן.

און ווען מען דערמאָנט דעם נאָמען בענעש, מוז מען אין דער זעלבער צייט אויך דערמאָנען דעם נאָמען פון ערשטן בירגער פון דער דאָזיקער רעפּובליק טאָמאַס ג. מאַסאַריק, אָט די דאָזיקע צוויי נעמען וועלן מיט פייערדקע אותיות פאַרשריבן ווערן אין דער באַפרייאונג געשיכטע פון זייער לאַנד.

איך וויל ציטירן עטלעכע ווערטער פון איינעם פון די גייסטרייכע פראַנצויזישע זשורנאַליסטן, דריע לאַ ראָשעל, וועלכער האָט מיט אַ געוויסער צייט צוריק, געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען איבער דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

„...איך שרייב איבער בענעשן איידער איך גיי נאָך צו שרייבן איבער זיין לאַנד. דאָס איז דער צייכן פון אונזער באַוועגלעכער עפּאָכע, ניין, פון אַלע עפּאָכעס. תּמיד האָבן מענטשן ליב געהאַט רעדן און הערן גרויסקייט פון איינצעלנע פּערזענליכקייטן ווי פון גאַנצע פעלקער. די פּערזענלעכקייט פונם יחיד איז פאַר די מענטשן תּמיד אָנציִענדיקער, ווי דער גורל פון אַ גאַנצן פאָלק, אפילו ווען דאָס דאָזיקע פאָלק געפינט זיך אין אַ זער דערהויבענעם מאָמענט פון זיין עקזיסטענץ...״

מיר קענען מסכים זיין, אָדער נישט מיט די אויספירונגען פון דעם זשורנאַליסט אינם עצם פון באַהויפּטונג. אָבער מיר מוזן צוגעבן אַז אפילו אָן דעם דאָזיקן אויסנאַם האָט עס בענעש פאַרדינט, אַז שרייבנדיק וועגן דער טשעכאָסלאָוואַקיי, זאָל מען פריער דערמאַנען די יעניקע, וועלכע האָבן דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן געווידמעט דער באַפרייאונג פון זייער לאַנד, די יעניקע וועלכע האָבן דערצו דערפירט און שטייען ביזן היינ-

טיקן טאָג אויף דער וואָך פאַרן וואוילזיין פון זייער באַפרייט פאָלק און לאַנד. און דאָס זענען מאַסאַריק און בענעש.

אין משך פון דער גאַנצער וועלט־מלחמה איז ער געזעסן אין פאַריז און צוגעגרייט צוזאַמען מיט מאַסאַריקן די דאָזיקע געביידע, וועלכע מיר קענען ביי היינטיקן טאָג אונטערן נאָמען טשעכאָסלאָוואַקיי. און אויב מיר זאָלן נאָר וועלן באַשרייבן יענע 4 יאָר פון איבערמענטשליכער אָנשטרענגונג, פוןליידן און האָפנונג איז פאַראַן מאַטעריאַל אויף אַ פיל בענדערדיקער גרויסער ענציקלאָפּעדיע, דאָס וואָלט געווען די געשיכטע פון דער באַפרייאונג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

פון זינט 1919 שטייט עדוואַרד בענעש אין דער שפּיץ פון דער טשעכישער אויסערן פּאָליטיק. אין אונזער צייט פון דיקטאַטורן זענען מיר געוואוינט צו זען איינצעלנע מענער בראש פון אַ מלוכה וועלכע האַלטן זיך אַ געוויסע צייט ביים רודער אָבער מיט וועלכע מיטלען? — אויף די שפּיצן פון באַיאָנעטן, הינטער די ברייט צועפנטע מיילער פון קאַנאָנען, אויף דער אויפגעבלאָזענער בלאָפערײַ פון אַ גוט באַצאָלטן פּראָפּאַגאַנדע מיניסטער און אַ שטאַרק באַוואָפנטער פּאָליציי, פון אַן אויסגעבילדעטער מיליץ און אַ פאַרצווייגטן שפּיאָנאַזש־סיסטעם ..

עס איז נישט נויטיק אָנצורופן קיין נעמען כדי צו וויסן וועגן וועלכע פּאָר מדינות עס האַנדלט זיך דאָ.

אַנדערש איז עס ווען מיר רעדן פון עדוואַרד בענעש, וועלכער בילדעט אין אונזער צייט, אַ פענאָמען.

די טשעכאָסלאָוואַקיי איז, ווי מיר האָבן עס שוין אומציייליקע מאָל דערמאָנט, און וואָס מיר וועלן אויך ווייטער נישט אויפהערן טאָן... איינס פון די נאָך פאַראיינצעלטע לענדער, וועלכע ווערן רעגירט דעמאָקראַטיש, אויף דער באַזע פון פרייע וואַלן, וואו יעדער בירגער זאָגט זיך פריי ארויס פון וועמען ער וויל רעגירט ווערן. און אויב אַ אויסערן מיניסטער בלייבט אויף זיין, תמיד זער דעליקאַטן פּאָסטן, פון ערשטן מאָמענט פון דער גרינדונג פון דער מלוכה, און גייט פון דאָרט גלייך אויפן פּרעזידענטןשטול, איז דאָס דער שענסטער באַווייז פון דעם פאַרטרויען וואָס

זיין פאָלק שענקט אים. דאָס איז די העכסטע אויסצייכנונג, וואָס אַ פאָלק קען שענקען זיינע פירער־גרעניצלאָזן פאַרטרויען. פאַר־לאַמענטן האָבן זיך געביטן רעגירונגען האָבן אָפּגעטרעטן וייערע פלעצער פאַר אַנדערע, אָבער ער איז תמיד אויף זיין פּאָסטן, ער און זיין פריינט און גרויסער לערער, טאָמאַס ג. מאַסאַריק.

זיינע קעגנערס, (ער האָט אויך אַזעלכע, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען) באַהויפּטן אַז זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט קומט פון אויסלאַנד. — מיר קענען דער דאָזיקער באַהויפּטונג קיין גרויס פאַרטרויען נישט שענקען; ווייל עס קען נישט געמאָ״ט זיין, אויפן בלויזן אויסלענדישן נאָמען זאָל זיך אַ מיניסטער האַלטן אין זיין אייגן לאַנד, פאַר דער בלויזער אויסלענדישער פּאָפּולאַריטעט זאָל ער ווידער און ווידער, מיט אַן ערשטוינלעכער פּינקטלעכקייט און אַ אומדערגרייכטער שטימען־צאָל געוויילט ווערן. אַ פאָלק האָט פיינט ווען מען מישט זיך אים אין זיינע אינטערעסן און ווילט פאַרטרעטער ווי אים געפעלט און צו גוט קען דאָס פאָלק אויף די ברעגעס פון דער מאָלדאַווע זיינע פירער.

אָבער מיר זענען אפילו גרייט אָנצונעמען דעם צווייטן פאַל. נו איז וואָס איז דער סך הכל? — דער סך הכל איז אַ איינפאַ־כער: אויב אַ מיניסטער פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינעם לאַנד קען אין אויסלאַנד שפּילן אַזאַ באַדייטענדיקע ראָל, אַז דאָס אויס־לאַנד באַאיינפלוסט פאַר אים זיין אייגן לאַנד, דאַמאָלס איז עס נאָר אַ כבוד פאַרן לאַנד צו האָבן אַרויסגעגעבן אַזעלכע קינדער פון זיך, האָבן געשענק דער וועלט אַזעלכע מענער.

אַ טשיקאַווער קוריאָז אין בענעשעס קאַריערע: בענעש האָט, ווי באַוואוסט, אין זיין לאַנד אַן אייגענע פאַרטיי, וועלכע ער האָט געגרינדעט נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון טשעכאָסלאָ־וואַקישן שטאַט. די פאַרטיי זיינע, פּונקט ווי ער אַליין, איז די פאַרקערפּערונג פון פאַציפיזם און פאַראַכטעט אַלץ וואַס האָט צו טאָן מיט מלחמה און בלוט. האָט אָבער גראָד דער גורל געוואָלט, אַז זיין פאַרטיי זאָל טראָגן אַ נאָמען, וועלכער רופט אַרויס אַ שוידער... בענעשעס פאַרטיי הייסט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרטיי פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

ווי פלעגט זאָגן פּעטער מאָטיע? — מ'קען הייסן געצל און וואוינען אין קיעוו אויף דער גאַס פון אַלע הייליקע און דאָרט לערנען מסכת עבודה זרה פרק כל הצלמים... און דער־ביי זיין אַ גרויסער ערלעכער איד. און והאָ ראיה, אָט האָט איר די טשעכישע נאַציס...

פאַר אַן אָנשיקעניש קען זיך קיינער נישט אויסהיטן און דאָס וואָס היטלער האָט זיך ביי אים אויסגעליהען דעם נאָמען, ענדערט לגמרי נישט דעם כאַראַקטער פון זיין פּאַרטיי. איבעריגנס האָט היטלער זיך אַ סך אַנדערע אידייען אויסגעבאָרגט ביי אַנדערע. אַפילו דעם סאַמע האַקן־קרייץ האָט ער ווי מען זאָגט, אויסגעבאָרגט ביי אונז.

אינם גרויסן קאָנצערט פון די פעלקער אין גענף, אינם פעלקערבונד, קען מען מיט רעכט פאַרעכענען בענעשן פאַר דעם גייסטיקן יורש פון אַריסטיד בריאַן. מלוכה מענער, וועלכע פאַרטרעטן גרויסע פעלקער, הערן זיך אויפמערקזאַם צו, צו די ווערטער פון בענעשן און ביי קיין איינציקער סעסיע פון פעלקער בונד האָט בענעש נישט פאַרפעלט דעם ריכטיקן מאָמענט פאַרן ריכטיקן וואָרט. די קליינע אַנטאַנט, וועלכע בילדעט ביי היינ־טיקן טאָג אַ באַדייטענדיקן פאַקטאָר אינם גלייכגעוויכט פון אייראָפּע, קען מען זאָגן איז אַ מייסטערווערק פון עדוואַרד בענעש. אויב אַרום דער דאָנאו, דער אייביקער סלע המחלקות פון מיטל אייראָפּע, איז היינט צו טאָג רואיק, איז עס צום גרעסטן טייל אַ דאַנק בענעשן. בענעש האַלט אַן אויג אויף זיין אייגן לאַנד און ווייסט אָבער אויך וואָס ער וויל פון זיינע שכנים.

און מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, ווי מען רופט עס אָן אויף דיפּלאָמאַטן־לשון, די דעליקאַטע לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך כסדר די טשעכאָסלאָוואַקישע אויסערן פּאָליטיק, איר גלות־לאַנגע גרעניץ מיטן שכן פון מערב זייט און די עטלעכע מיל־יאָן דייטש־טשעכאָסלאָוואַקן, וועלכע ווערן פאַרגאָסן מיט אַ ים פון היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אויך די שכנים פון די איבעריקע גרענעצן האָבן כסדר צו איר טענות קליינע לענדער מיט אומ־

געהויער גרויסע אַפּעטיטן וועלכע פאַרגינען נישט די אַרבעט־
זאַמע טשעכאָסלאָוואַקן זייער לעבן. דאָס זענען נישט קיין טעאָ־
רעטישע פּראָבלעמען נאָר טאָג טעגלעכע אינטערעסן. מען קען,
מיט רעכט, באַהויפּטן, אַז די טשעכאָסלאָוואַקיי האָט גיכער
נויטיק אַ קלוגע און פּראַקטיקע אויסערן פּאָליטיק ווי אַלע
אַנדערע מיני פּאָליטיק. און דאָס האָט דערפירט דער ווירי־
טואָז – אויסערן מיניסטער עדואַרד בענעש, און ער וועט עס געוויס,
איצטער אַלס פּרעזידענט ווייטער באַוואַכן.

און צום סוף, אַ פּאָר ווערטער וועגן בענעש און די יידן.

אויב מען וועט אַמאָל עפענען די אַרכיוון פון פעלקער־
בונד און נאָכזען די יידישע דעמאַרשן אין דער דאָזיקער אינ־
סטיטוציע וועט מען זיך דאַמאָלט קענען איבערצייגן ווער עס
זענען אונזערע פריינט. און אין דער שפּיץ פון זיי וועט זיך
באַשטימט געפינען דער נאָמען פון עדואַרד בענעש.

לעאָ מאָצקין ז״ל, דער יידישער שתדלן ביים פעלקער־
בונד האָט פון בענעש׳ן תמיד גערעדט מיט ליבע און פאַרגע־
טערונג. ווייל עס איז נאָך נישט געווען קיין פאַל אין די
אַנאַלן פון גענף, אַז מ׳האָט געזאָלט רעדן פון יידן אָן דעם,
אַז בענעש זאָל נישט זיין דער גוטער מליץ פאַר אונז.

און אין זיין אייגן לאַנד ווייזט בענעש אַרויס דעם גרעסטן
אינטערעס פאַר אַלע יידישע ענינים. – אַלס ייד קען איך פאַר
אים איין באַצייכנונג: – מ ח ס י ד י א ו מ ו ת ה ע ו ל ם,
און איינער פון די גרעסטע.



# פּראָווינץ



„די שיינע רייטערן” (פון טשעכ. קינסט. בריכטער)

מיר וועלן איצטער אויף אַ ווײַלע פאַרלאָזן פּראָג און זיך ארויסכאַפּן אויף א שפּאַציר אין דער פּראָווינץ, וועלכע איז נישט ווייניקער אינטערעסאַנט פאַר דער הויפּטשטאָט. אונזער ערשטער באַזוך וועט גילטן אינם וואונדערלאַנד פון די שוס־טערס אין זלין דאָרט וואו עס סטראָיעט זיך א שטיק אַמערי־קע אין מיטן פון די פרוכטבאַרע פעלדער פון מאָראוויע.

# אין קעניגרייך פון די שוסטערס

איך הויב אָן מיין רייזע אויף דער טשעכאָסלאָוואַקישער פּראָווינץ מיט א נסיעה אינם קעניגרייך פון די שוסטערס, ווייל דאָ געפינט זיך לויט מיין מיינונג דער באַראָמעטער פאַרן אינדוסטריעלן לעבן פון דער באַנייטער רעפּובליק. קיין ריי־זע־דער, וועלכער איז געקומען קיין טשעכאָסלאָוואַקיי, האָט נאָך נישט פאַרפעלט צו באַזוכן דעם דאָזיקן ווינקל, וועלכן א גאַנ־צע וועלט, בלי גוזמא באַטראַכט מיט שטוינען, באַוואונדערונג און א ביסל שרעק. — דאָס גיגאַנטישע ווערק פון טאָמאַס באַטיאַ.

דער שנעלצוג, וועלכער פאָרט יעדן־ אָוונט, אָפּ פון פּראַ־גער ווילסאָן־באַנהויף קיין מאָראַוויע און סלאָוואַקיי, פירט מיט זיך אן אינטערנאַציאָנאַלן שלאָף־וואגאָן מיט דער באַשטימונגס־סטאַציע — זלין, דאָס הייסט, אז ווייטער גייט דער דאָזיקער וואַגאָן נישט. — פּראַהאַ—זלין, שטייט אויפן שילד אינדרויסן, און דער וואָס איז ניט שטאַרק באהאַוונט אין געאָגראַפיע קען נאָך אמאָל אָננעמען, אז זלין איז א שטאָט ערגיץ אין אויס־לאַנד, אָדער ווייניקסטנס א גוט באַזוכט אינלענדיש קוראָרט. אָבער קיינעם וועט אפילו נישט איינפאַלן א טראַכט צו טון, אַז זלין איז נישט מער ווי א קליין מעריש דאָרף, וואו עס האָבן נאָך מיט א צענדליק יאָר צוריק געוואוינט פעאָדאַלע פּריצים אויף וועמענס פעלדער עס האָט געאַרבייט די פויערשע באַ־פעלקערונג פון דעם קליינעם דערפל און דער אַרומיקער גע־גנט. אַ דאָרף ווי טויזנט אַנדערע דערפער אין דער פּרוכטבאַ־רער מאָראַוויע, עטלעכע זויבערע געסלעך, א קירכע א פּריצי־שער שלאָס און שלעכטע וואַסער.

היינט איז דאָס דאָזיקע דאָרף א שטיק אַמעריקע, א מלוכה פון גיגאַנטישע הימל־קראַצערס, פון מאָדערנע געביידעס, פאַבריקן און וואַרן־הייזער, ריזיקע האָטעלן, אַלץ ווערט דאָרט באַטריבן מיט עלעקרישע קראַפט, אלץ: אפילו די מענשן וועל־כע לעבן און ווירקן אין קעניגרייך פון די שוסטערס.

דאָס טשעכישע דעטראָיט, רופן עס מיט שטאָלץ די טשעכאָסלאָוואַקן. און פּונקט ווי יעדער אַמעריקאַנער איז שטאָלץ אויף דעם ווערק פון הענרי פאָרד אין דעטראָיט, אַזוי איז נישט ווייניקער שטאָלץ יעדער בירגער פון דעם דאָזיקן לאַנד מיט דער שוסטער־שטאָט זלין, וועלכע עס האָט געגרינדעט דער זלינער שוסטער, טאָמאַס באַטיאַ. דער נאַפּאָלעאָן פון אַלע שוסטערס אין אַלע צייטן.

פערזענלעך בין איך נישט קיין גרויסער פאַרערער פון דער מאַשין און אַ גאָר קליינער אָנהענגער פון דער מאָדער־נער מעכאַניזאַציע פון אַלע צווייגן פון אונזער לעבן. בין איך טאַקע דעריבער נישט געווען זייער שטאַרק באַגייסטערט פון דער זייער העפלעכער איינלאַדונג צו קומען באַזוכן זלין. ווייס איך, האָב איך ביי מיר אין דער שטיל געטראַכט, ווידער א מאָל זען א פּאָר שטיינערנע געביידעס, עטלעכע הונדערט און אפילו עטלעכע טויזנט אויסגעמוטשעטע מענער און פרויען ביי די מאַשינען... מוחל אַזאַ פאַרגעניגן; אָבער מיינע קאָלעגן אין פּראַג האָבן נישט געהאַט די דאָזיקע מיינונג און מיך פּשוט אָפּגעפירט צום ווילסאָן־באַנהויף, און מיר אָנגעזאָגט: — אַז דו וועסט צוריקקומען וועסטו אונז דאַמאָלס אויפזוכן און זאָגן צו מיר האָבן געהאַט רעכט... און אַמאָל זאָל זיך דיר נישט פאַר־וועלן דאָרט אליין ווערן א שוסטער...

עס איז נאָך צו פרי זיך אריינצופּאַקן אין שמאָלן בעטל פון שלאָפוואַגאָן, דריי איך מיך ארום איבערן קאָרידאָר און קוק זיך צו צו מיינע מיטרייזענדע. ביים אָפענעם פענסטער מאַך איך די באַקאַנטשאַפט מיט אַן אַמעריקאַנער קאָלעגע, וועל־כער טראָגט אין דער האַנט זיין „בעדעקער" דער תנ"ך פון יעדן אַמעריקאַנער טוריסט, אָן וועלכן ער רירט זיך נישט א שריט. דאָ אין בעדעקער געפינט ער אויף אַלץ וואָס זיין האַרץ גלוסט. פון דאַנען ווייסט ער, אַז מאַסאַריק איז נישט קיין קעניג נאָר א פּרעזידענט און אז פּראָג איז נישט מער קיין עסטרייכישע פּראָווינץ־שטאָט, נאָר די מעטראָפּאָליע פון א בלי־ענדיק שיין לאַנד מיט א נאָמען וואָס איז פאַר אַן ענגליש

ריידענדיקן מענש שווער ארויסצורייידן... פון דאַנען האָט ער זיך אויך דערוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ מין מקום וואָס רופט זיך זלין און איז שטארק ענלעך אויף די „יונייטער סטייטס" איז פאָרט ער זיך טאקי אַהער דורך, כדי מיט די אייגענע אויגן צו זען דעם נס; די פארייניקטע שטאטן אין מיטן אייראָפּא.

א צווייטער פּאַסאַזשיר שטעלט זיך פאָר אלס פּאַסאַזשיר פון דרום אַפריקע, ער פאָרט ניט אַלס נייגעריקער נאָר אַלס סוחר, און נישט צום ערשטן מאָל. אין דער האַנט האַלט ער א נאָר וואָס, דערשינענעם בוך וועגן באַטיאַ. „א שוסטער דעראָבערט די וועלט" איך לייען דעם מאָטאָ אונטערן טיטול פון בוך, איי־נער פון די אומצייליקע אפאָריזמען, מיט וועלכע דער טראַניש אומ־געקומענער טאָמאַס באַטיאַ האָט זיך ליב געהאַט צו באַנוצן:

די העלפט פון אַלע מענשן אויף אונזער ערדקויגל גייען נאָך ארום באָרוועס, און דערפון זעען מיר אַמבעסטן, ווי ווייניק מיר האָבן געלייסטעט און וואָס פאר אַ גרויסע אויפגאַבע עס ליגט נאָך פאַר אונז שוסטערס.

איך וואַרף א שמייכלדיקן בליק אויף דער דאָזי־קער מאָדנער איבערשריפט, אָבער מיין דרום אפריקאַנער בלייבט טויט־ערנסט. איר שמייכלט, רעדט ער צו מיר אין א טאָן פון א קענער, איך קען אייך נאָר באַשטעטיקן דאָס, וואָס דער דאָזיקער גענייאַלער שוסטער האָט אויפגעשריבן, איך קום פון אַ לאַנד וואו, נישט א העלפט, נאָר אפשר 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג גייען ארום אָן שיך...

מיין דרום־אפריקאַנער, שטעלט זיך, נאַטירלעך, שפּעטער ארויס אלס ליטוואַק, וועלכער האָט אַליין, פון דער אַלטער היים, אויך געהאַט א גאָר נאָענטע שייכות מיט'ן שוסטערישן פאַך און היינט איז ער א באַזיצער פון עטלעכע שיך־געש־עפטן אין אפריקע און פאָרט צו באַטיאַן ווי א תלמיד צו זיין גרויסן רבי... פאַרשטייט זיך, אז ער פאָרט נישט בלויז צוליב

חסידות און ווי מיר ווייזט אויס, האָט ער צו די געשעפטן מיט באַטיאַן לגמרי נישט דערלייגט דער באָבעס ירושה.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון זעלבן וואגאן, פארט אן עקסקורסיע פון סטודענטן פון דער ווינער האַנדלסשולע, וועלכע גייען דאָ נעמען עטלעכע פראקטישע לעקציעס אין ראַציאָנעלער ארבייט און ווירטשאַפט. א פּאָר אויסלענדישע סטודענטן און צוויי בלאָנד־האָריגע, בלוי־אויגיקע דענישע סטו־דענטקעס, וועלכע פאָרן אויף א 4 וואָכיקן פארקויפער־קורס צו באטיאַן, שליסן די ליסטע פון רייזנדע פארן היינטיקן טראנספּאָרט.

איך ווייס עד היום נישט גענוי, צי איז דאָס געווען די בלויע לבנה נאַכט אָדער זיינען עס געווען די בלויע אויגן פון דענעמארק, וועלכע האָבן באַאיינפלוסט דעם גרעסטן טייל געסט נישט צו איילן אין בעט אריין. אויף יעדן פאל, אַז מיר האבן זיך אויפגעכאַפּט, מיין אמעריקאנער רייזע־קאָלעגע און איך, איז שוין אין דרויסן געווען גרויסער טאג, דער וואגאן איז זיך רואיק געשטאַנען אויף א זייטיקן גלייז, און מיר האָבן זיך גאַנץ געמיטלעך געקענט אָנטאָן און זיך גרייט מאַכן גיין אין שטאָט אריין.

אין דרויסן האָט אונז אָפּגעווארט באַטיאַס „רעדאַקטאָר" א געוועזענער שוסטער, וועלכן באַטיאַ האָט פּראָקלאַמירט פאר אַ רעדאקטאָר און אים אָנפארטרויט זיין צייטונג, וואָס גייט אַרויס 3 מאָל אין וואָך. וועגן דעם דאָזיקן פענאָמען, וועלכער איז בין לילה, אַוועק פון שוסטער בענקעלע און געמאַכט אַ שפרונג ביזן רעדאַקציע טיש וועלן מיר נאָך ווייטער רעדן. דאָס איז אויך איינס פון די וואונדער פון זלין און דער באַזוך אין דער רע־דאַקציע האָט אונז פאַרשאַפט נישט ווייניק שפּאַס. אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר שפּעטער.

דער קליינער זלינער באַנהויף, געפינט זיך אין אלטן שטאָט טייל, פאַרדעקט אונטער די צווייגן פון אַלטע בוימער, אַזוי, אַז אין ערשטן מאָמענט קען זיך אייך אויסדוכטן, אַז איר זענט אָנגעקומען אין איינעם פון די רויקע מערישע שטעט־

לעך אָבער איר גייט נאָר אָפּ עטלעכע שריט, ביז צום מאָדערן אַספאַלטירטן שאָסיי און איר געפינט זיך פּלוצים, אין אַ נייער וועלט. איר פאַרמאַכט אויף אַ ווײַלע אייערע אויגן און מאַכט זיי ווידער אויף כּדי זיך צו איבערצייגן, אַז דאָס אַלץ איז נישט קיין מיראַזש, קיין אחיזת עינים, ניין; דאָס איזווירקלעכקייט, און נאָך וואָס פאַר אַ ווירקלעכקייט... עפּעס דערפילט איר זיך מיט אַמאָל אַזוי קליין און נעבעכדיק פאַר די ריזיקע וואָלקנ-קראַצעס, וועלכע זענען דאָ און דאָרט אויפגעפלאַנצט ווי שלע-סער פון טויזנט און איין נאַכט רעכטס און לינקס פון אייך די פאַבריק טעריטאָריע, אַ שטאָט אין אַ שטאָט, אַרומגענומען מיט אַ דראָט נעץ, פאָרנט פאַרשפּאַרט אייך דעם בליק דער 12 שטאָקיקער האָטעל בנין, דער 10 שטאָקיקער מוזעאום מיט זיין דרייעקיקער פאָרם און גלעזערנע פאַסאַדע, איר גייט מיט



דאָס ריזן האָטעל און רעסטאָראַן אין זלין „טפּאָלעטשפּנסקי דאָם“; דער שטאָלץ פון דער שוסטער-מלוכה. און אַ טייל פון דער פאַבריקס-טעריטאָריע און ליפּער-אויטאָס.

אַן אָפּן מויל פון שטוינען און פאַרוואונדערונג און פאַלט אַריין אין גרויסן וואַרן־הויז מיט זיינע אומצייליקע אָפּטיילונגען, מיטן ריזן רעסטאָראַן איר קומט ארויס פון פּאַסאַזש און לינקס פון אייך באַמערקט איר דאָס גראַפּליכע שלאָס, וועלכעס ליגט זיך דאָ פרידלעך צווישן די אַמעריקאַנער הימלקראַצעס און דעם רויקן דערפל, דאָרט אונטן אין טאָל, דאָס אַלטע זלין.

דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פאַרשטאַרקט נאָך די באַרגיקע אומגעגנט וואו דאָ און דאָרט ליגן אין אַ געאָמעטרישן סדר אויסגעלייגט עטלעכע הונדערט, איין פאַמיליע הייזער פון די משפּחות, וועלכע אַרבעטן דאָ אין דער באַטיאַ שטאָט, און וויים אַרום אויפן האָריזאָנט די סלאָוואַקישע בערג, די גרענעץ צווישן מאראַוויע און דער סלאָוואַקיי. און אַלץ איז דאָ אין אַזא רחבות, מיט אַ ברייטער האנט אויסגעטיילט. די הייזער די לאַגערן די טעראַסן אין דער שטח צווישן איין געביידע און דער אַנדערער, צווישן איין שטאָט טייל און דעם אַנדערן איז נישט אָפּגעמאָסטן, אָפּגעשאַפּט איז דאָ די מאָס פון שטח, פון ווייטקייט און הויכקייט, פאַרגעסן איז דאָ די פּראָפּאָרציע פון גרויס און דער דורכמעסער פון ברייט אין אַלץ און אַלעם פילט זיך דאָדער פאַרנעם פון אַ גיגאַנטישן מאַסשטאַב.

מיר האָבן נאָך נישט יעדער זיין באַגלייטער און מיר שלענדערן אַרום איבער די ברייטע גאַסן פון דער, נו לאָמיר זאָגן, שטאָט. מיר פאַרהאַלטן זיך אויף אַ ווײַלע ביים קינא, אַ ריזן געביידע, די איינציקע וואָס האָט נישט קיין שטאָק ווערק, דערפאַר אָבער האָט דער דאָזיקער קינאָ פּלאַץ פאַר אַ וואָסערע 3000 מענטשן. און איז איינגעריכטעט לויטן לעצטן וואָרט פון דער טעכניק. די פּרייזן פאַר פּלעצער זענען מער ווי דעמאָקראַטיש, דוכט זיך 5 קראָנען פאַרן בעסטן פּלאַץ (אַרום 3 פּראָנצויזישע פראַנק) בלויז דער פּראָגראַם איז אַ ביסל פאַרעלטערט, אויסער דעם איז באַטיאַ אַ מענטש, קאַטאָרי וואָס, אינטערעסירט זיך נישט בלויז מיטן מאַטעריעלן וואוילשטאַנד פון זיינע מענטשן נאָר אויך מיט דעם „מאָראַלישען״, ס'גייט אים אין גאַנצן לעבן

אַז זיינע מענטשן זאָלן חס ושלום, נישט נכשל ווערן אין אַ צו אויסגעלאַסענעם פּילם.

נאָך אַ סך זאַכן זענען דערווייל פאַראַן אין דעם דאָזיקן זלין, וועלכע איך האָב נישט תופס געווען, אָבער דוכט זיך, אַז וואָס שייך שוסטעריי און מאָראַל, דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דיביידע וועל איך שוין, מיט מיין נישט שוסטערישן שכל, קיינ־מאָל נישט מער ריכטיק תופס זיין. אָבער אַזוי איז שוין די באַטיאַשע שוסטער־מלוכה איינגעריכטעט און ס'איז באמת פאַראַן אַזויפיל צוזען און צו באַוואונדערן, אַז עס בלייבט אייך קיין צייט נישט אויף צו שטעלן קלאָץ־קשיות.

מיין טשעמאָדאַנטשיק מיט דער שרייב מאַשין, האָט דער קליינער פּיקאָלאָ ביי מיר אָפּגענומען ביי דער באַן סטאַציע און מיר אַרויסגעגעבן אַ נומער, — ביז איר וועט זיך האָבן דורכשפּאַ־צירט, האָט ער מיר געזאָגט, וועלן מיר דערווייל פאַר אייך צוגרייטן אַ פלאַן, אַ פּירער און אַ פרישטיק. ער האָט בלויז נאָך געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ שפּראַכן איך רעד, כדי צו געפינען אַ פּאַסיקן באַגלייטער. — איך בין אַ ייד און וויל אַ יידישען באַגלייטער, ס'איז מיר קיין חלוק נישט וואָס פאַר אַ שפּראַך ער רעדט. — גוט, געזעגנט זיך מיט מיר מיין פּיקאָלאָ, איר וועט אים טרעפן 830 אַ זייגער ביים טישל נומער 17 אויף דער טעראַסע פון האָטעל. ער גייט אָפּ עטלעכע טריט און קערט זיך אום; — איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן; איר וועט נעמען דעם לינקן אויפצוג ביזן 13־טן שטאָק.

ווי זאָגט אַ ישובניק; ביז צו דער קרעטשמע דאַרף מען דאָך אויך אַ טרונק בראָנפן... און ביזן פרישטיק ווילט זיך עפּעס נעמען אין מויל אַריין, כאַפּן מיר זיך אַריין אין דער אונטערשטער עטאַזשע פון גרויסן וואַרן הויז און שטעלן זיך צו ביי דעם באַר אָדער „סטאיקע", וועלכע איז באַלאָדן מיט כל־טוב: דהיינו פּוטער ברויט, סאַנדוויטשן פון קעז און פליי־שיקע סאַנדוויטשן און הייסע וואורשטלעך און צוויי גרויסע מאַ־שינען פאַר קאַווע, טיי און שאָקאָלאַד, פּונקט אַזוי ווי ביי די פּאַריזער „ביסטראָס" די באַדינערס און באַדינערקעס אין בלאַנק

ווייסע בגדים, האָבן פולע הענט מיט אַרבעט און די סטאַיקע איז ממש באַלאַגערט.

פאַר אַ שמעקנדיק חייסן קאַפע מיט אַ פיינעם פוטער־ברויט באַצאָל איך אַ שיבוש פון עפּעס מער ווי אַ קראָנע (אומ־געפער 60 פראַנצויזישע סאַנטים) און בעת איך האָב געוואָלט איבערלאָזן, אויפן טיש, עטלעכע צענדליק העלער טרינק געלד, האָט מיר די קעלנערקע עס צוריקגעוויזן, מיט אַ העפלעכן אָבער זייער אַנטשידענעם זשעסט. איך פּראָוו זיך מיט איר אַמפּערן און וויל זען ווי ווייט עס גייט דאָ די דיסציפלין, אָבער די בלאָנדע מאָראַווקע בלייבט שטאָל־פעסט ביי איר מיינונג; מיר נעמען נישט.

— אין פּאַריז — שיס איך מיט מיין „לעצטער קאַנאָן״, — אין פאַריז איז אַזוי איינגעפירט, אַז פאַרן באַדינען לאָזט מען דעם קעלנער אַ געוויסן פּראָצענט פאַר דער קאָנסאמאַציע.

— פאַריז, בלייבט זי ביי דעם איריקן, פאַריז איז זיך אַ זער פיינע שטאָט אָבער דאָ אין זלין האָבן מיר „באַטיאַ־לייט״ אונזער אייגענע געזעצן, וועלכע מיר היטן און רעספּעקטירן.

מילא נישט, איז נישט. אָבער עפּעס האָב איך ווייטער געלערנט, אַ ניי וואָרט אַ נייעם אויסדרוק, וועלכער איז דאָ אין זלין אַ טאָג טעגלעך וואָרט: באַטיאַ־לייט.

איך האָב שוין געהערט און געזען פאַרשידענע ראַסן און פעלקער אָבער פון דער דאָזיקער ראַסע „באַטיאַ־לייט״ הער איך דאָ צום ערשטן מאָל.

דער שוסטער, באַטיאַ, האָט זיך געהאַט זיינע אָריגינעלע אידעען אַ געמיש פון אַמעריקאַנער ראַציאָנאַליזם מיט דעם אַלט מערישן פּאַטריציער גייסט. זיין אידייע איז געווען; צו געבן דעם דאָזיקן ווערק דאָס געמיינזאַמע פאַמיליען געפיל, דאָס גע־פיל און די זיכערקייט, אַז מ׳איז דאָ נישט בלויז אַן אַרבעטער, נאָר איינער פון דער גרויסער משפחה באַטיאַ. אויף ווי ווייט דאָס קאָרעספּאָנדירט מיט דערווירקלעכקייט איז אַ פראַגע פאַר זיך, אָבער דער פאַקט איז, אַז אין זלין פילט זיך יעדער אַלס אַ מיטגליד פון דער משפחה וואָס האָט די מעגלעכקייט אויפצו־

שטייגן פון זיין שוסטער־בענקל ביז׳ן פּאָטעל פון דירעקטאָר. מיט איין וואָרט אַמעריקע, אַמעריקע אין מיטן פון דער ראָמאַנטישער לאַנדשאַפט אויף דער גרענעץ פון סלאָוואַקיי און מערן.

פּופּציק שריט ווייטער פון וואַרן־הויז, גלייך מיטן גלאַטיק אַספּאַלטירטן וועג, שטייט מאַיעסטעטיש דער ריזן־האָטל פון 13 אָדער 14 עטאַזשען. איך קום אַריין אין גרויסן האָל, אָדער ווי די אַמעריקאַנער רופן עס „לאָבי", וועלכער שטייט נישט צוריק אין זיין איינריכטונג פון „קלארידזש" אָדער „קארלטאָן" האָטעל אין פּאַריז. דער שעף דע רעסעפּסיאָן מעלדעט מיר, אַז פאַר דער עקסקורסיע איז שוין סערווירט דער פרישטיק אויף דער אויבערשטער טעראַסע פון לינקן דאַך־פליגל, רייע 15 טיש 8. און, גיט ער צו: איר וועט נעמען דעם עקספּרעס ליפט, וועלכער שטעלט זיך אין ערגעץ נישט אָפּ און פאָרט גלייך ביזן 14־טן עטאַזש.

אַ גאָלדן באַקנעפּלטער פּיקאָלאָ פירט מיך אַרויף מיט אַ שווינדלדיקער געשווינדקייט, אויף דער אויבערשטער טעראַסע וואו דער פרישטיק איז פאַר אונז געדעקט אויפן אָנגעוויזענעם טיש. ביי אַ נעבן טישל זיצן שוין אונזערע באַגלייטער, פיין געקליידעטע יונגעלייט מיט מאַניערן פון מאָדערנע דזשענטללייט. מיר פאַרבינדן די ערשטע געשפּרעכן, דעם אָפיציעלן קאָנטאַקט מיט אונזערע וועגווייזערס, וואָס וועלן אונז אין משך פון היינטיקן טאָג באַווייזן די גרויסקייט פון דער שוסטער־מלוכה, אונז פרואוון געבן צו פאַרשטיין ווי עס אַרבייט דער דאָזיקער אומגעהויערער אַפּאַראַט אויפגעשטעלט פון דעם געניאַלן שוסטער, טאָמאַס באַטיאַ.

איך קלויב זיך אויס פון די דזשענטללייט, אַ יונגן ווינער בחור, מיט וועלכן איך וויל באַזוכן אַלץ וואָס ס׳איז נאָר פאַראַן צו זען אין דעם דאָזיקן קעניגרייך. מיין וועגווייזער איז אַ פּנים נישט אינפאָרמירט וועגן מיין יידישקייט און בלייבט דעריבער אינגאַנצן געפּלעפט בעת איך גיב אים פּלוצים אַ פרעג צי ער איז אַ ייד.

אַ ייד? — אוודאי איז ער אַ ייד, אָבער צו וואָס דאַרף איך עס אייגנטלעך וויסן און וואָס פאר אַ שיכות האָט יידיש־קייט מיט שיך?

און איך גיב מיין יונגן באַגלייטער צו פאַרשטיין, אַז קודם כל אינטערעסירט מיך דאָס ביסל יידישקייט אין יעדער זאַך. איך וויל דעריבער וויסן וויפיל יידן עס זענען דאָ באַשעפטיקט, ביי וואָס פאַר אַ פאַכן און ווי איז די באַציונג צו זיי און וויפיל פון זיי עס זענען אַרבעטער און וויפיל דירעקטאָרן.

מיין יונגערמאַן איז אַ ביסל פאַרחידושט איבער מיינע פראגן. ר׳איז געוואוינט, אַז מען פרעגט אים וויפיל שיך מען אַרבעט אויס אַ טאָג, וויפיל שיך בענדלעך און כדומה אַזעלכע זאַכן, אָבער וויפיל יידן עס אַרבעטן דאָרט האָט ער קיינמאָל נישט געפרעגט פונקט אַזוי, ווי ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַשעפטיקט מיט זיין אייגענער יידישקייט; שפעטער אין גרויסן רעסטאָראַן האָט מיר דער גויישער דירעקטאָר געגעבן אַלע יידישע אויסקונפטן.

אונזער פרישטיק איז געענדיקט און ווידער אַמאָל שטייט נעבן אונז דער שוואַרצער חנ׳ודיקער פיקאָלאָ, וועלכער ברענגט אונז די לעגיטימאַציעס אַריבערצוגיין איבער דער שטרענג־באַוואַכטער פאַבריק־טעריטאָריע. זלין איז אַ מלוכה פאַר זיך, אָבער די פלעצער, אויף וועלכע ס׳געפינען זיך די פאַבריקן וואַרשטאַטן און מאַגאַזינען זענען דער וואַטיקאַן פון דער שוסטערשער מלוכה. אויפן גאַנצן „געלענדע״ (שטח) וואו ס׳געפינען זיך די פאַבריק־געביידעס טאָר מען נישט רויכערן. אויף דעם דאָזיקן שטח דרייען זיך אַרום אינספעקטאָרן, וועלכע האָבן צו יעדע צייט דאָס רעכט ביי אייך צו פרעגן אַ לעגיטימאַציע. אויף דעם שטח פון די פאַבריקן פאָרט אַ ספּעציעלער אויטאָבוס, וועלכער שטעלט זיך קיינמאָל נישט אָפּ, ער גייט בלויז אַמאָל לאַנגזאַם און אַמאָל שנעלער אָבער אויב איר ווילט מיטפאָרן מוזט איר זיך אַרויפכאַפּן בעת דער אויטאָבוס פאָרט, איר קענט אַרויפ־שטייגן פון אַלע זייטן אויף דעם טרעפּ וואָס נעמט אַרום די דאָזיקע פאָרנדיקע טשערעפּאַכע.

„דעם מענטש דאָס דענקען און דער מאַשין דאָס האָרע־
ווען" — אָט אַזעלכע ריזן אויפשריפטן באַגעגנט איר אין
כמעט אַלע פאַבריקס־געביידעס און וואָלקן שטעכנדיקע מאַגאַזי־
נען פון דער דאָזיקער לעגענדאַרער שטאָט.

דאָס—פאַרזיכערן אייך די אָנפירנדיקע הערן פון זלין—איז
געווען די פעסטע איבערצייגונג פון׳ם באַגרינדער פון דער
שוסטער מלוכה טאָמאַס באַטיאַ. אַלץ וואָס די מאַשין מאַכט
איז ווירטשאַפטלעך בעסער און ביליגער פון דעם וואָס אַ מענטש
קען מאַכן. טאָמאַס באַטיאַ האָט אויסגערעכנט, אַז געווינענדיק
איין מינוט ביים אויספערטיקן אַ פּאָר שיך הייסט דאָס ביי
דער צוזאַמענרעכנונג פון צוויי טויזענט פּאָר שיך די מלאכה
געלט פון פיר אַרבעטער און אין די פערציק וואַרשטאַטן וואָס
באַטיאַ פאַרמאָגט אין זלין איז די דאָזיקע געוואונענע מינוט
אַ פאַרמעגן פון מלאכה־געלט פאַר הונדערט זעכציק אַרבעטער
און באַטיאַ האָט דאָ דערגרייכט אַ פּערפעקציע וואָס האָט קיין
גלייכן נישט.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז אַליין בין איך נישט אַזאַ
גרויסער ידען אין הלכות ראַציאָנאַליזאַציע פונקט אַזויפיל ווי
אין שוסטעריי, אָבער אַז מיר וועלן גלויבן דער טאַבעלע וואָס
מיין יונגער באַגלייטער באַווייזט מיר, קומען מיר אַרויס אַז
באַטיאַ האָט נישט בעדאַרפט טראָגן דעם נאָמען טאָמאַס באַטיאַ
נאָר „באַטיאַ בעל הניסים". אָט הערט זיך אַליין צו: אין
דייטשלאַנד דויערט דאָס אויסאַרבעטן פון אַ פּאָר שיך אין
אַ פאַבריק ביז 20־שעה — אַמעריקע מוז האָבן פון זיבן ביז אַכט
שעה צו דער דאָזיקער אַרבעט, פראַנקרייך, וועלכע איז נאָך
באַטיאַן, די פּערפעקציאָנירטסטע אין אייראָפּע, אויפן געביט פון
שיך פּראָדוקציע, נויטיקט זיך אין פינף מיט אַ פערטל שעה
פאַר דער זעלבער אַרבעט, וואָס ביי באַטיאַ געדויערט דאָס
צווישן דריי און פיר שעה.

איך געפין זיך שוין צוויי שעה אויף דער טעריטאָריע
פון באַטיאַס פאַבריקן, מיין באַגלייטער האָט מיר שוין אַזויפיל
דערציילט פון מאַשינען, לויפנדע בענדער, ראַציאָנאַליזאַציע,

מאַטעריאַל פאַרבראַך און נאָך טויזענט אַנדערע זאַכן, אַז איך האָב אָן גלויבן אַז דער יונגערמאַן אַליין איז אויך נישט מער ווי עפּעס אַ מאַשין, וועלכער איז אָנגעדרייט דערויף צו דער־ציילן שירים ותשבחות איבער דער באַטישער שוסטער־מלוכה...

אָבער קיין גוזמאות זענען דאָ נישטאָ. אַזוי ווייט ווי אייער בליק דערגרייכט זעט איר פאַר אייך גיגאַנטישע בנינים, וועלכע זענען פול מיט לעבן און באַוועגונג. פאר אייערע אויגן שטייט די ווירקלעכקייט פון אונזער מאָדערנער ראַציאָנעלער צייט און נישט די אויפשריפטן נאָר די טאַט־זאַכן דערמאָנען אייך אָן באַטיאַס שפּרוך — „דעם מענטשן דאָס דענקען — דער מאַשין דאָס האָרעווען".

פאַרשטייט זיך. אַז אויב מיר זענען מסכים מיט דעם ערשטן טייל פון דעם שפּרוך ווילט זיך נישט גלויבן, אַז דער צווייטער טייל איז אַזוי אידעאַל. שלעכט וואָלט נישט געווען נאַטירלעך, ווען מענטשן וואָלטן געקענט איבערגעבן זייער אַרבעט צו די מאַ־שינען און זיי אַליין וואָלטן זיך פאַרנומען נאָר מיט דענקען. אָבער דערווייל שוויצן די דענקערישע מענטשן ביי די אַרבע־סנדיקע מאַשינען, און פאַרגעסן פון דענקען, ווייל אויב איר האָט אַמאָל געזען אַרבעטן אַ "לויפנדיקן באַנד" האָט איר זיך געקענט איבערצייגן, אַז דאָ איז דער מענטש, נישט דער בחיר היצורים, דער דענקער, נאָר אַ באַשטאַנדטייל פון דער מאַשין, וועלכע וואָלט אייגענטלעך געדאַרפט זיין, זיין שקלאַף.

אמת, באַטיאַ, אין קעגנטייל צו אַנדערע גרויסע אינדוסט־ריעלע אונטערנעמערס זוכט צו געווינען זיין אַרבעטער אויך פּסיכאָלאָגיש. ער גיט אים צום טייל אין ווירקלעכקייט אָבער צום גרויסן טייל די אילוזיעס פון זיין אַ שותף צום געשעפט. די מענטשן פון זלין רופן זיך אַליין מיט אַ געוויסן שטאָלץ, „באַטיאַ־לייט". אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז די וואָס דאַרפן דענקן בלייבט זיי קוים צייט, איבערן טאָג צוזאַמענצונייען אָדער צו־זאַמענצופּלעקלען אָדער טאָן אַן אַנדער אַרבעט ביי עטלעכע הונדערט פּאָר שיך, און טאָן ווי איר זעט אַלץ אין דער וועלט אַ חוץ דענקען.

אָבער צו וואָס פילאָזאָפירן, אַז מיר געפינען זיך דאָ אין קעניגרייך פון די שוסטערס וואָס „לאָזן מאַשינען אַרבעטן“ און זיי אַליין „חלומ'ן“.

אָט לאָמיר זיך אָקאָרשט אַריינכאַפּן אין איינעם פון די ווערקשטאַטן; עס רעדט זיך נאָר אַזוי „ווערקשטאַטן“, ווייל יעדער ווערקשטאַט דאָ גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון אַפילו אַ גאַנץ נאָרמאַלער פאַבריק. און אַזעלכע „מאַיסטיערסקאַיעס“ געפינען זיך דאָ איבער עטלעכע און פערציק. און דאָ ווערן פאַבריצירט טעגלעך איבער 80 טויזנט פאָר שיך.



די פאַבריקס-געביידעס פון דער „באַטיאַ-שטאָט“.
אין הינטערגרונד: די איינפאַמיליען-אַרבייטער-הייזער. לינקס: אַ טייל פון אַלט זלין.

אַזאַ ווארשטאַט, איז געוויינלעך 40 קוואַדראַט מעטער גרויס. אַרום די ווענט אין, אַ אָפּשטאַנד פין אַ מעטר, שטייען די פאַרשידנסטע מאַשינען. און איבערן גאַנצן שטח שלענגלט זיך אַ ברייטער לעדערנער באַנד. און אַנדערע ווערקשטאַטן, אַ צוויי עטאַזשנער, וועלכער פאָרט לאַנגזאַם אויף הילצערנע וואַלצן, און שטעלט

זיך יעדעס מאָל אָפּ אויף אַ סעקונדע. אויפן אונטערשטן טייל פון באַנד ליגט געוויינלעך אַ לינקער שוך און אויפן אויבערשטן דער רעכטער, דערנעבן פאַרשידענע צודאַטן און מאַטעריאַלן.

נעבן יעדער מאַשין שטייען איינער אָדער מער אַרבעטער, וועלכע נעמען אַראָפּ דעם בעטרעפנדיקן שוך, יעדער פון זיי האָט באַשטימטע האַנט־גריפן אָדער אַנדערע אַרבעטן אויסצופירן. ביים רויען, אָדער האַלב רויען מאַטעריאַל, וואָס געדויערט, לויט אויסרעכענונג, פון אַ האַלבער מינוט ביז 5 מינוט. אָפּגעטאָן זיין אַרבעט ווערט דער מאַטעריאַל אָפּגעפירט אויפן זעלבן באַנד צו דער נאָענסטער מאַשין, ביז דער שוך האָט פאַרענדיקט אַזאַ איין שפּאַציר און קומט אָן צום אַנדערן עק פון וואַרשטאַט, דאַן ווערט ער אַרויף אָדער אַראָפּגעפירט מיט אַן אויטאָמאַטישער ווינדע אין אַ צווייטער אָפּטיילונג צום ווייטער אַרבעטן אָדער אויספּערטיקן.

בין שוך לשוך האָב איך געפּרוּווט כאַפּן אַ שמועס מיט איינעם פון די אַרבעטער, אָבער דאָס איז נישט אַזוי לייכט צו־ליב עטלעכע זאַכן, ערשטנס מאַכן די מאַשינען אַ טומל, אַז מען הערט נישט דעם אייגענעם קול, צווייטנס טאָר מען נישט מסיח־דעת־זיין פון מאַשין, וועלכע קען נאָך אַמאָל אַוועקפירן די סחורה נישט באַאַרבעט, און דריטנס זענען דאָ די אַרבעטער האַלבע אונטער־נעמער און אַ פאַרלאָרענע מינוט אין וואַרשטאַט, ווי איר ווייסט, איז צוזאַמענגערעכנט אין הונדערט יאָר, אַ גאַנצער נדן...

אויף אונז יידן זאָגט מען, אַז מיר זענען אַ פאָלק פון חשבון, און גראָד די עטלעכע יידישע אַרבעטער, וועלכע איך האָב באַגעגנט ביי די מאַשינען, האָבן זיך נישט צופיל גע־חשבונ׳ט און גערן מיט מיר פאַרבונדן אַ שמועס פאַרשטייט זיך אַז דער שמועס איז נישט געווען טעט אַ טעט, מוזנדיק זיך נאָכיאָגן ביי יעדער פּאָר ווערטער, נאָך אַן אַנטלאָפענעם שוך... ווייל דער באַנד וואַרט נישט, און אויב דער מענטש וויל בלויז דענקן און לאָזן די מאַשין אַרבעטן טויג דער ענין אויף כפרות.

מיין בעל־דבר אַ סלאָוואַקישער ייד מיט אַ בערדל אַ שוס־

טער פון אבות אבותיו האָב איך אָנגעטראָפן ציענדיק אַ קאָפּי־טע, און אונטערברומענדיק „ישמחו במלכותך״.

איך שטעק אים אָפּ אַ שלום־עליכם, — עליכם שלום, ענט־פערט ער מיר און עס הערט זיך דער סלאָוואַקישער אַקצענט און אין יעדן וואָרט ליגט אַ האַלב טוץ אַלעפן.

— נו, פרואוון מיר אים אינטערוויואירן, פאַראַן פרנסה ר׳ ייד ?

— עס פרנסה, ענטפערט מיין ייד, צוריק מיט אַ פראַגע, סטייטש פרנסה און, אַז מען פאַרדינט שוין עטלעכע הונדערט קראָנען אַ וואָך, אָבער תפילה בצבור סתם יידישקייט.

— נו, און אייער פאַמיליע ?

— מיין פאַמיליע, לויפט דער ייד נאָך אַ שוך און דער־לאַנגט אים אַ פּאָר קלעפּ, מיין פאַמיליע האָב איך געלאָזן אין דערהיים, מיינע קינדער גייען ב״ה אין חדר אין מונקאַטש, און אַז דער אויבערשטער וועט העלפן וועלן מיר דאָ אָפּאַר־בעטן אַ פּאָר יאָר און פאָרן קיין ארץ ישראל.

— און וואָס, פרעגן מיר פּאָרזיכטיק, איז מכח שבת ?

— שבת אַרבעט מען דאָ נישט, נישט די גויים און נישט די יידן, דאָ איז אַ 5 ־ טאָגעדיקע אַרבעטס־וואָך, נאָר די שעפן האָבן דאָרט שבת זייערע באַראַטונגען.

— נו, און איר וואָס טוט שבת ?

— שבת גייען מיר אין שול אַריין. אָטאָ דאָ נישט ווייט האָט באַטיאַ אָפּגעקויפט אַ שלאָס פון אַ גראַף, דאָרט איינגע־ריכטעט אַ קלוב פאַר די אַרבעטער און אין איינעם פון די גרויסע זאַלן אַ בית־המדרש פאַר די יידישע אַרבעטער און אָנ־געשטעלטע.

די געשיכטע פון דעם דאָזיקן שלאָס דערציילט מיר דער ייד איז זייער אַ טשיקאַווע. דער פּריץ האָט יאָרן געקעמפט מיט דעם אויפגעקומענעם שוסטער, וועלכער איז מיט זיינע מאָ־דערנע מאַשינען, געקומען שטערן די רו פון יאָר־הונדערטער, פּראָצעסן האָבן זיך געפירט אָבער דער שוסטער האָט געוואו־נען. די מאָדערנע טעכניק האָט באַזיגט דעם ראָמאַנטישן פּריץ

און דער לעצטער האָט זיין „אימיעניע״ פאַרקויפט באַטיאַן און אַנטלאָפן ביי דער לבנה...

די שוהל ווערט נאָר באַנוצט דערווייל שבת, קלאָגט זיך דער ייד, אין דער וואָכן מוז מען נעבעך אָפכאַפּן דעם דאַוונען און אַנטלויפן אין דער פאַבריק אַריין.

דאָס דערמאָנט די מעשה מיט יענעם יידן, וועלכער מאַכט התונה זיין זון אין אַ נייעם ישוב אַריין. עטלעכע חדשים נאָך דער התונה פרעגט דער טאַטע ביים זון אין אַ בריוול ווי עס גייט אים אין פרנסה, דערויף ענטפערט אים דער זון ב״ה גאַנץ גוט מען בויט שוין אַ צערקווע.

עס גייען ווייטער פאַרביי עטלעכע חדשים שפּעטער, פרעגט דער פאָטער ווייטער ביים זון ווי גייט עס דיר? אויף וואָס ער באַקומט שפּעטער אַ תשובה: שלעכט טאַטע טייערער ביי אונז אין דאָרף בויט מען שוין אַ בית־מדרש...

מיין ייד שמייכלט אין די וואָנצעס אַריין און ברומט אונטער: — שומרי־שבת־ש־ו־מ־ר־י ש־ב־ת...

דער גלאָק צעקלינגט זיך מיט אַמאָל, דער לויפנדיקער באַנד הערט אויף צו לויפן, די אַרבעטער איילן אין וואַש־רוים אַריין, פּוצן זיך פון שטויב כדי צו גיין אין די גרויסע, ספּעציעל פאַר זיי איינגעריכטעטע, רעסטאָראַנען צום מיטאָג.

מיין ייד גייט אַרויס אַן אָפּגעוואַשענער און באַווייזט מיר אויף דעם המון אַרבעטער; זעט, זאָגט ער, אונזערע סלאָ־וואַקישע פויערים, פאַר מענטשן האָט ער דאָך זיי געמאַכט, דער באַטיאַ. ווען האָט אַזאַ פויער געוואוסט, אַז פאַרן עסן וואַשט מען זיך אָפּ די הענט? און, שמייכלט ווייטער דער ייד; און זיין טאַטע האָט אַמאָל געוואוסט, אַז אונטער די נעגל דאַרף מען זיך אויסרייניקן? — פריצים זענען זיי דאָך ביי אים געוואָרן...

פון יענעם זייט דראָטענעם פאַרקאַן וואַרטן שוין נאָך עטלעכע יידן וואָס אַרבעטן דאָ. עס איז ווייט נישט די גאַנצע צאָל, אָבער דאָס זענען די וואָס עסן קיין טריפות נישט און עסן צוזאַמען אין דער פרישטיקס־שטוב, פוטער מיט ברויט און

אַנדערע נישט טריפה זאַכן. אַ בית־מדרש איז שוין דאָ נאָר דערווייל ב"ה נישט פאַר אַלע טאָג...

צו מיטאָג כאַפּ איך זיך אַריבער אין רעסטאָראַן נומער איינס, וואָס איז באַשטימט פאַר העכערע אָנגעשטעלטע, און פּועל אויס ביים דירעקטאָר ער זאָל מיר געבן דעם יידן פאַר אונזער ווייטערדיקער באַגלייטונג. דער דירעקטאָר איז א ביסל פערוווּנדערט, וואָס איך זאָג זיך אָפּ פון א פראָפעסיאָנעלן באַגלייטער, כדי צו גיין מיט א פשוטן שוסטער, אָבער לויט דער באַטישער אויפפאַסונג איז א שוסטער א מענטש, וועלכער מוז אַלץ קענען, והא ראיה באַטיאַ האָט אַרויסגענומען א פראָסטן שוסטער פון זיין פאַבריק און געמאַכט פון אים א רעדאַקטאָר פון באַטיאַס צייטונג.

מיין נייער באַגלייטער איז קענטיק צופרידן וואָס ער וועט דעם נאָכמיטאָג פאַרברענגען אויסערהאַלב פון די ווענט פון דער פאַבריק, און די ערשטע זאַך וואָס מיר אונטערנעמען; מיר כאַפּן זיך אריבער אין אַלט־זלין טרינקען א גלעזל פּילזנער ביר, מחמת אין דער באטיא שטאט איז דער מין אלקאָהאָל נישט בנמצא.

מיין באַגלייטער איז קענטיק איבערצייגט, אז מיך אינ־טערעסירט מער די טעאָריע ווי די פּראקטיק, און אויב איך וועל זען א „זאַוואָד" ווייניקער וועט קיין אומגליק נישט זיין. ער באַזוכט נאָך מיט מיר די באַטישע „אינטערנאַטן" וואו עס ווערן אויסגעבילדעט הונדערטער פאַרקויפער און אַרבעטער, און בכלל אַלץ וואָס עס האָט א שייכות מיט דער פוס־אינדוסטריע, פון פעדיקירן א פוס ביז אויסאַרבעטן און פאַרקויפן א שוך. דאָס צוקונפטיקע פאָלק פון דער "באַטישער מלוכה". מיר כאַפּן, פאַרבייגייענדיק, א קוק אין באַטיאַ־מוזעאום, א גרויסע דריי־עקיגע גלעזערנע געביידע, וואו מען קען בילדלעך נאָכ־פאָלגן די ענטוויקלונג פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן ווערק, און ענדלעך לאַנדן מיר אין דער רעדאַקציע פון באַטיאַס צייטונג, וועלכע דערשיינט אין אייגענעם פאַרלאַג דריי מאָל אין וואָך.

אָט דאָרט, פונקט ווי אין אַלע וואַרשטאַטן, געפינט איר פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן און ראַסן, ווייל באַטיאַס אונטערנעמונגען זענען שוין לאַנג איבערשריטן די גרעניצן פון זיין לאַנד, און ביי באַטיאַן איז פאַראַן איין דעוויז „וואָס קענסטו ? ווי ווייט קענסטו זיך נוצליך מאַכן אין דער שיך־אינדוסטריע? ווער און פונוואַנען דו ביזט, אינטערעסירט אונז נישט.“

אגב זענען אין די לערן־אנשטאַלטן פאַראַן מער יידן ווי אין די פאַבריקן און אז איך פרעג מיין יידן, פאַרוואָס זענען נאָך דאָ אזוי ווייניק יידן ענטפערט ער מיר פילאָזאָפיש: די־רעקטאָרן פאָסטנס זענען נישטא קיין סך.

אָבער מיר זענען איצט אין רעדאַקציע. א טשעקאָווע רעדאַקציע אזא, אין וועלכער דאָס רויכערן איז פאַרבאָטן. ערשטנס ווייל פאַן באַטיאַ רויכערט נישט און האַלט עס דע־ריבער פאַר אַ שעדלעכע זאַך, צווייטנס ווייל די רעדאַקציע געפינט זיך אויפן שטח פון די פאַבריק־אַנשטאַלטן. באַזירט אויף דער אינטעגראַלער דעמאָקראַטישקייט פון דער שוסטער מלוכה, איז נישטאָ קיין אויסנאַם, אפילו פאר א גאַסט. זעט איר, מיסטער פאָרד אין אמעריקע רויכערט אויך נישט, אָבער דער דירעקטאר פון פאָרדס־אָפיס, בעת איך האָב דאָרט באַזוכט, האָט לכבוד מיר, אראָפּגענומען איינעם פון זיינע פיס פון טיש, אויפגעהערט צו קייען דעם „טשויאונג־גאָם“ (קיי־גומי) און מיר געפרעגט מיט דער אמעריקאַנישער העפלעכקייט: האו־דו־יו־דו. און — „וויל יו העב א סיגאר“? — דאָ אין זלין האָב איך מיר געוואָלט פארויכערן א פאַפּיראָס, האָט מיך מיין שוסטער־קאָלעגע, מיט א שטרענגער האַנד־באַוועגונג, דערפון אָפּגעראַטן — פארבאָטן!

דוכט זיך פאַן ציעקאטא, הייסט דער דאָזיקער שוס־טער, וועלכן באַטיא האָט אין איינעם א טאָג ארויסגערופן פון שוסטער־וואַרשטאַט און אים באַפוילן צו זיין א רעדאַקטאָר.

באַטיאַ איז כל ימיו געווען שטאָלץ אויף דעם דאָזיקן אויפטו זיינעם און זיך בארימט; זעט איר פון א שוסטער א

רעדאַקטאָר קען מען מאַכן אָבער באַווייזט מיר א רעדאַקטאָר וואָס איז געוואָרן א שוסטער...

שפּיל איך זיך דערווייל מיט מיין פאַרבאָטענעם סיגאַרעט און לייען די אויפשריפטן אויף די ווענט, ווייל פאָן ציעקאַטאַ איז א געטרייער תלמיד פון באַטיאַ, וועלכער „פּאָבּיציִרט" א חוץ גוטע שיך אויך גוטע שלאַג־ווערטער.

„דענק ווי א פילאָזאָף, — שרייט צו מיר אַראָפּ א גרויסער פּלאַקאַט, — און... שרייב ווי א פּויער".

מילא, צי דער דאָזיקער שוסטער־רעדאַקטאָר, דענקט ווי א פילאָזאָף, איז נאָך א פראגע. אָבער איך וויל אים גערן גלויבן, אַז ער איז מקיים דעם צווייטן טייל פון פּלאַקאַט און שרייבט ווי א... שוסטער.

א צווייטער פּלאַקאַט גיט מיר צו וויסן, אז די גרעסטע העלפט פון דער מענשהייט גייט נאָך אַרום באָרוועס, און דערפון זעען מיר צום בעסטן ווי וויניק מיר שוסטערס האָבן נאָך אָפּגעטאָן, און וואָס פאַר א גרויסע ארבעט עס שטייט אונז נאָך פאָר.

מיין באַגלייטער גיט מיר דאָס צו פאַרשטיין, מיטן גראָבן פינגער:

דער ערד־קוגל פאַרמאָגט צוויי מיליאַרד איינוואוינער, און איבערן יאָר ווערן אויסגעאַרבעט 9 מיליאָן פּאָר שיך, דער מינימום פון צוויי פּאָר שיך א יאָהר פאר א מענשן אין די ציוויליזירטע לענדער האָט שוין ווייט איבערגעשריטן די דאָזיקע נאָרמע, עס איז בכן נישט קיין פראגע פון איבערפּראָדוקציע נאָר פון פרייז, וועלכער זאָל באַוועגן די מענשן צו קויפן אזוי פיל שיך וויפיל זיי דאַרפן אויף אן אמת'ן. עס איז פון דער צווייטער זייט א פראגע פון פּראָפּאַגאַנדע אויפצוקלערן די מענשן, אז די פוס־פלעגע און פוס־באַקליידונג איז נית וויניקער וויכטיק ווי א דאַך איבערן קאָפּ.

און דער ייִד מאַכט מיר א חשבון:

אן איטאַליענער פאַרברויכט דורכשניטלעך צוויי פּאָר שיך אין צוויי יאָר, די בעלגיער דאַקעגן, דאַרפן האָבן דריי פּאָר

שיך אין צוויי יאָר, דער פראנצויז פאַרבּרויכט זעקס פאָר שיך אין פינף יאָר און דער אַמעריקאַנער דריי מיט א פערטל פאָר שיך אין איין יאָר, און, טריאומפירט מיין ייד, אויב למשל, די אַנדערע פעלקער וואָלטן אַזוי גוט פאַרשטאנען, צו האלטן זייערע פיס אין אָרדנונג ווי די אַמעריקאַנער דאַן וואָלט ענגלאַנד געמוזט האָבּן 146 מיליאָן פאָר שיך א יאָר, פראַנקרייך 135, דייטשלאַנד 200. בס״ה פאַרבּרויכט די אייראָפּעאישע באַפעלקערונג נישט אריינרעכנענדיק רוסלאַנד 490 מיליאָן פאָר שיך א יאָר און ווען אפילו דער דורכשניטלעכער אייראָפּייער זאָל זיך שטעלן אויפן ניוואָ פון קאַנאַדישן פאַרמער, וועלכער פאַרבּרויכט 2 מיט א פערטל פאָר שיך א יאָר, איז פאראן די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די שיך־פּראָדוקציע אויף נאָכאַמאָל אזוי פיל ד. ה. אויף 950 מיליאָן פאָר א יאָר, נישט אריינרעכנענדיק אמעריקא און די איבּריקע ערד־טיילן.

ווי געפעלט אייך אזא מין סאָרט חשבּון?

טשעכאָסלאָוואקיי האָט נאָך אנדערע און גרעסערע אונטערנעמונגען ווי באַטיאַס, אָבּער כ'וואָלט נישט געוואגט מיד צו מאַכן מיין לעזער, פאַר ווען איך שרייב אויף אויפן טיטלבּלאַט – רייזע־איינדריקן און שטריכן, און אָנשטאָט דעם עם דערלאַנגען סטאַטיסטיקעס.

די באַטיא־אונטערנעמונגען זענען אָבּער מער ווי פשוטע אינדוסטריעלע אנשטאַלטן. דאָס זענען דערפאָלגרייכע עקספּערימענטאַל־סטאַציעס מיט ווענענס מעטאָדן און שיטות מיר קענען יאָ אָדער נישט מסכים זיין, אָבּער מיר באַוואונדערן די דאָזיקע פענאָמענאַלע אומדערשעפּלעכע ענערגיע און קראַפט, און מיט שטוינען קאָנסטאַטירן מיר דעם פאַקט, אז פון א מינימאַל פרייז פון 75 קראָנען פאר די בּיליגסטע פאָר שיך, מיט 12 יאָר צוריק, האָט היינט דער אָרימסטער פון די אָרימע די מעגלעכקייט צו גיין אין גאַנצע שיך, געקויפט ניי אין געשעפט פאַר 29 קראָנען, וועלכע זענען נאָך דער דעוואלואַציע פון דער טשעכישער וואַלוטע, נישט מער ווי אומגעפער 13 פראנצויזישע אָדער 2.30 שווייצער פראנק. און אָפּגעזען

פון די גרויסע צאָל־טאריפן האָט דער דאָזיקער צושטאַנד א גוואַלדיקע השפּעה אויף אַנדערע לענדער, דאָרט וואו באַטיאַ האָט, אונטער אייגענע אָדער פרעמדע פירמעס, זיינע פיליאַלן, און אפילו אין די לענדער וואו באַטיאַ האָט נאָך נישט ארייני געדרונגען.

און צום שלוס וויל איך נאָך געבן א קליינעם איבער־בליק ווי מען לעבט אין דער דאָזיקער שוסטער־מלוכה זלין, וועלכע ליגט, אמת אין דער טשעכאָסלאָוואקיי, אָבער וואו דאָס לעבן אונטערשיידעט זיך לגמרי פון דעם אייגענעם לאַנד, און אפילו פון דער נאָענטסטער, שכנות׳דיקער שטאָט, וועלכע איז אָפּגעטיילט פון דער באַטיאַ־שטאָט מיט א פּאַרק. די 30 טויזנט זלינער לעבן כמעט ווי אין די פאררייניקטע שטאַטן, לויט ווע־מענס מעטאָדן זיי אַרבעטן.

קודם כל לעבן די אַרבעטער ביי באַטיאַן, אין איין אָדער צוויי־פאַמיליען הייזער, וועלכע זענען אָפּגעטיילט צווישן זיך דורך גערטנער. קולטור, און איבערהויפּט ספּאָרטליכע פאראַנשטאַלטונגען גייען דאָרט אריין אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָט, למשל, ווייזן אונז פאָלגנדיקע ציפערן, דעם אונטערשיד פון לעבענס־שטאַנדאַרט אין דער באַטיאַ־שטאָט לגבי דער אי־בעריקער טשעכאָסלאָוואקיי.

אין דער צייט ווען אין דער איבעריקער טשעכאָסלאָוואַ־קיי פארברויכט א מענטש 159 קילא ברויט א יאָר, פאַרברויכט ער אין זלין נאָר 90 קילאָ. פלייש דאַגעגן עסט דער זלינער 85 קילאָ א יאָר אין דער צייט ווען די אנדערע טשעכן עסן נאָר 39 קילאָ. לאָמיר נעמען מילך; טרינקט דער זלינער 269 ליטער א יאָר אין דער צייט ווען אין דער איבעריקער טשע־כאָסלאָוואקיי טרינקט מען נאָר 135 ליטער.

יא און שיער נישט פאַרגעסן, דעם וועלט־רעקאָרד פאר לימאָנאַדע טרינקען מוז מען צושרייבן די זלינער, וועלכע באַטיאַ פארווערט צו מאַכן א שנעפּסל. אין דער צייט ווען אין גאַנץ טשעכאָסלאָוואקיי קומט אויס 4 און א האַלב ליטער לימאָנאַד א יאָר אויף א פערזאָן טרינקט יעדער בראַווער זלינער „באַ־

טיא־מאַן״ אויס 250 ליטער לימאָנאַד; כמעט אַזויפיל וויפל מען טרינקט ביי אונז אין תל־אביב גזוז...

בלויז אין תל־אביב טרינקט מען אָן א חשבון, אָבער אין דעם ראַציאָנעלן זלין טרינקט מען לימאָנאַד אונטער דער צייט־לופע און מיט א גענויער מאָס — וואָס אמת א גרויסע...

אמת, אז די פילזנער־טשעכיש־נאַציאָנאַלע ביר־אינדוסטריע איז נישט צופרידן מיט באַטיאַס לימאָנאַד־ווירטשאַפט, און זיי האַלטן אַז א מענטש וואָס פאַרשטייט נישט קיין טעם פון א גוטן גלעזל „פילזנער״ נישט פאר קיין זייער גרויסן חכם. אָבער שליסלעך, לעבן אין דער טשעכאָסלאָוואקיי פופצן מיליאָן ניין הונדערט זיבן און נײַנציק טויזנט אנדערע מענטשן אין דער פעסטער איבערציינונג, אז לימאָנאַד איז חלשות און מען צווינגט זיי קוים אויסצוטרינקען אין משך פון 365 טעג א נישטיקייט פון פיר מיט א האַלבן ליטער, און אויב מיר זאָלן באַנוצן באַטיאַס ראציאָנעלן חשבון קומט עס אויס אויף א מענטש, א האַלב קאַווע־לעפעלע א טאָג...



# די היסטאָרישע לענדער

ביי היינטיקן טאָג, מיט דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון טשעכישן פאָלק, מערקט זיך א גרויסע אויפלעבונג פון נאַציאָנאַל־יידישן געדאַנק אין די דאָזיקע שטאַרק אַסימילירטע לענדער.

דער אַלטער רעזשים האָט אַוועקגעלייגט א סך מי און אַרבעט כדי צו פארדייטשן די יידן אין די דאָזיקע מדינות האפנדיק זיי אויסצונוצן אלס א קעגנגעוויכט צו די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון די טשעכן. היינט איז דער ענין שוין נישט מער אקטועל אָבער עס איז אינטערעסאַנט נאָכצופאָלגן די אנטוויקלונג פון דער אַסימילאַציע אין די דאָזיקע לענדער, וואָס ווערט בולט ארויסגעבראכט פון די „פאַקסימיליעס" פון בריוו און בלעטלעך פון שול־העפטן, וועלכע איך ברענג דא ווייטער.

די אויבנשטייענדיקע אָפבילדונג איז די איבערשריפט פון א יידישן שול־העפט פון ניקאָלסבורג פון יאָר ה'תר"ו — (ד. ה. מיט גענוי 90 יאָר צוריק) און לייענט זיך:

קאָמפּאָזיציאָן אויס דעם דיקטאַנדאָ שרייבן אונד צער־גלידערען (ה)עבּרעישער ווערטער.
דעס משה כהן, שילערס דער דריטטען הויפּט קלאַססע צו עפפענטליכען פּריפונג בסוף זמן הקיץ תר"ו לפ"ק.

עס העלפט נישט, שרייבנדיק רעפּאָרטאַזשן, מוזט איר אויך אמאָל ווערן סקוטשנע און שרייבן וועגן זאַכן פון נעכטן, פון עבר. געוויס זענען די דאָזיקע זאַכן זייער אינטערעסאַנט, אָבער אויפן פּאַן פון א לעבעדיקן רעפּארטאַזש ווערט פון זיי א ביסל צו בלאַס. נאָר ווי שוין געזאָגט, איז נישט פאראַן קיין היינט אָן א נעכטן, איבערהויפּט ווען דער נעכטן, די פאר־גאַנגהייט איז געווען א פאַרבנרייכע און אינטערעסאַנטע.

צוגייענדיק דאָ זיך מיט אייך טיילן מיט מיינע געזאַמלטע איינדריקן פון די אַזוי־גערופענע „היסטאָרישע לענדער” וועלן מיר צוזאַמען א בלעטער טון אין די אַלטע געשיכטע־בלעטער פון די לענדער מיט א גרויסן יידישן עבר, די בונדעס־לענ־דער פון דער טשעכאָסלאַוואקישער רעפּובליק, בעמען, מערן און שלעזיען, היסטאָריש נישט בלויז נאר פאַר די טשעכן, וועלכע רופן זיי היסטאָרישע לענדער נאָר אויך פאר אונז יידן.

אויף אלטע יידישע ספרי־רומ״ל, סליחות, מחזורים און הגדות געפינט איר אויפן שער־בלעטל נאָך די קלאַסישע אי־בערשריפט: כמנהג פוילן פיהם (בעמען) און מערן. אָט די דאָזיקע דריי לענדער זענען א מאָל געווען די פירנדיקע קהלות פארן גרעסטן טייל פון גלות־יידנטום, פוילן, פיהם און מערן, ארויסגערעדט בנשימה אחת. זייערע מנהגים זענען גע־ווען געזעץ פארן יידנטום, פון דאָרט האָט מען מרביץ־תורה געווען, דאָרט פונקט אַזוי ווי אין פוילן האָבן זיך געפונען די גרויסע יידישע ישיבות, פון דאָרט איז געקומען ר׳ שמעון פּראסניץ, און ר׳ שמעלקע מניקאלשבורג, דאָס איז געווען דער רעזערוואואַר פון יידישקייט און פון דאָרט שטאַמט דער גרעס־טער טייל פון די 200 טויזנט יידן וואָס לעבן היינט אין ווין.

אין דער הויפּט־שטאָט פון מערן אין ברין האָט געקאָכט א יידיש לעבן. די איינצעלנע קהלות האבן נאָך אין די לעצ־טע יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט געהאַט פּאָליטישע רעכט פון וועלטלעכע געמיינדעס, מוניציפּאליטעטן. דאָס יידישע ראָט־הויז האָט געהאַט די זעלבע רעכט ווי דער קריסטלעכער מאַ־

Nikolsburg den 10/4 859

Louis Fleischmann

***) אַ יידישער בריוו פון מאָראַוויע — עטלעכע צוואַנציק יאָר שפּעטער פון דערמאָנטן העפּט, די שפּראַך איז שוין פאַרדייטשט, דאַטום און אונטערשריפט שוין אַפילו מיט גאָטישע אותיות.**

*) הער קאָמע־ציאַל־ראַט פ י ל י פּ ק אָ ה ן (ווין), וועלכער שטאַמט אַליין פון ניקאָלשבורג, איז געווען אַזוי פריינטלעך מיר אויסצובאָרגן דאָס העפט און די בריוו פון זיין פאַמיליע־אַרכיוו. (צ. ה. ו.)

גיסטראט. אפשר זענען דאַמאָלס יידן נישט געווען רייך וויינקסטנס נישט אַזוי רייך ווי היינט, אָבער דאַמאָלס האָבן די דאָזיקע היסטאָרישע לענדער דאָך געהאַט גרויסע יידישע קהילות מיט אַן איינפלוס, וואָס איז ווייט איבערגעגאַנגען די גרעניצן פון זייער לאַנד.

די געשיכטע פון יידן אין מערן, בעמען און די שכנות־דיקע לענדער, איז שוין אודאי צום הונדערטסטן מאָל אין פאַר־שידענע וואַריאַנטן אָנגעשריבן און פארעפנטלעכט געוואָרן, בכלל האָט עס יעדער ראבינער פון א מערישן שטעטל פאַר זיין פליכט צו „שרייבן" די געשיכטע פון זיין שטאָט. געוויינ־לעך ווערן די דאָזיקע כראָניקעס פאַרעפנטלעכט אין האַלב־יע־ריקע אָדער פערטל־יעריקע זשורנאַלן און העפטן. די אַרטיק־לען האָבן אַלע כמעט דעם זעלבן פּנים און דעם זעלבן נוסח, קיינער פון זיי פארטיפט זיך נישט אין לעבנס־שטייגער פון יענע גרויע צייטן.

איך האָב געפּרובט, אויף וויפל עס איז מיר נישט גע־לונגען צו באַקומען מיינע ידיעות איש מפּני איש, און איך האָב שוין נישט מער געטראָפן קיין לעבעדיקע שפּורן פון אלטן יידישן ישוב, ארויסצובאַקומען וואס מער פון דעם דאָזיקן מין היסטאָרישע ארטיקלען, מיט וועלכע עס זענען תמיד פול געווען די איזראעליטישע „פאַמיליען־בלעטער" און „געמיינדע־בלעטער" פון דייטשלאַנד, עסטרייך (וויינקער) טשעכיען און מאָראַוויען.

אין מיין יאַגד נאָך מאַטעריאַל האָב איך צייטנווייז אויך געזוכט אַן אינהאַלט אין דעם דאָזיקן מין זשורנאַלן פאָרם, וועלכע מאַכן אַ „סעריעזן איינדרוק", אַז גלייך ווי איר נעמט בלעטערן אין אים שווינדלט אייך פאַר די אויגן, פון דער גרויסער צאָל „מראה מקומות" און „ציפערן", אָבער ווען איר נעמט לייענען אביסל נענטער זעט איר אַז עס איז פּוסט.

מיך האָט אַזאַ זשורנאַל אַמאָל אַראָפּגעפירט פון וועג פון מיך דערצו געקאָסט אַ פּאָר הונדערט קראָנען הוצאות־הדרך. —

און אָט ווי די מעשה איז געווען: אין פּראָג דערשיינט אַ „צייט־שריפט פאַר די געשיכטע פון די יידן אין דער טשע־כאָסלאָוואַקיי", פאַרשטייט זיך אַז איך האָב זיך גלייך באַזאָרגט מיט די לעצטע דריי נומערן (עס דערשיינען פיר נומערן אַ יאָר) פון דעם דאָזיקן הויך „סעריאָזנעם מאַגאַזין". היות אָבער ווי איך האָב דעם דאָזיקן זשורנאַל געגומען נאָר אַלס וועג ווייזער האָב איך זיך דערווייל באַגנוגנט מיטן איבער־לייענען די ערשטע פאָר שורות פון יעדן אַרטיקל. אין איינעם אַזאַ אַרטיקל לייען איך: די אַמאָליקע „מאַרקגראַפנשאַפט מערן", איז איבער רייך אין יידישע קולטור דענק־מעלער... שוין אין 13־טן יאָרהונדערט האָבן דאָרט געלעבט יידן א. א. וו.

טראַכט איך נישט קיין סך, זעץ זיך אויף אויפן באַן, כדי זיך אַריבערצוכאַפּן אין דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן מקום, וועלכער רופט זיך איוואַנטשיצע אָדער אייבעניץ.



אין דעם אַרטיקל איז געשטאַנען, אַז אויפן בית־הקברות פון דאָזיקן שטעטל געפינען זיך נאָך מצבות פון 13־טן יאָרהונדערט.

אָנגעקומען אַ זייגער אַכט אינדערפרי קיין אי־וואַנאָוויצע, נעם איך אַ דראָזשקע און הייס זיך גלייך פירן אויפן בית־עולם. דער קוטשער האָט מיך אַביסל פאַרוואונדערט אָנגעקוקט אָבער גאָרנישט געפרעגט און מיך אַהין גע־פירט.

אַ שעה צייט האָב איך אַרומגעוואַנדערט צווישן די קברים אין דעם נעפלדיקן פרימאָרגן און מער ווי 1830 האָב איך קיין

שום מצבה נישט געזען. אַן אַנטוישטער בין איך אַוועק אין שטעטל, און אויסגעזוכט אַ שטעטלשן יידן.

— ס'טייטש, קריג איך זיך מיט דעם יידן, וואָס פאַר אַ 13־טער יאָר הונדערט און וואָס פאַראַ קאַטשקעס...

דער ייד האָט זיך אָנגעטאָן זיינע שפּאַקולן, אַרויסגענומען פון מיין האַנט די „סעריאָזנע" צייט־שריפט אַ בלעטער געטאָן דאָ און דאָרט, און זיך צעלאַכט. — איר קענט נישט די דאָ־זיקע ליטעראַטור? —



פאַרשטייט איר מיך, דערקלערט מיר דער ייד, אַז מערן האָט אַן אַלטע און שיינע אינטערעסאַנטע יידישע געשיכטע איז אַ פאַקט. מען האָט שוין אויך וועגן דעם געשריבן, אָבער ווער איז אייך שולדיק, אַז איר זוכט אייערע קוועלן אין די דאָזיקע ביכלעך?

און אָט וואָס, דערקלערט מיר ווייטער דער ייד: יידן זענען אַ פאָלק, ווי איר ווייסט עס, וואָס האָבן ליב כבוד — האָבן דאָס דערשפּירט די ליטעראַרישע הויכשטאַפּלערס און אויסגעפונען אַ געניאַלן מיטל. מען פאָרט אַרויס אויף דער מדינה מען באַ־זוכט עטלעכע בית־עולמ'ס און קהלה־אַרכיוון, מען דערוויסט זיך אַדרעסן פון די לעבעדיקע קרובים און נאָכפאָלגערס, און מען באַשרייבט די נפלאות פון דעם אַמאָליקן ראש־הקהל אין שטעטל איקס, וועמענס אור אור אייניקל איז היינט אַ רייכער באַנק־דירעקטאָר און עווענטועלער קאַנדידאַט אַלס מעצענאַט און אונ־טערשטיצער פון די „וויסנשאַפטלעכע" אויסגאַבעס איבער דער

יידישער געשיכטע אין מערן אָדער בעמען... און אַזוי מיין ליי־
בער פריינט זייט אויך אַ שטיקל קרבן פון דער „וויסנשאַפט״.

קיין שלעכטס טוען די דאָזיקע מענטשן נישט, מען האָט זיי שוין לאַנג אויפגעהערט צו נעמען ערנסט, אָבער, אום גאָטעס ווילן נעמט פון זיי גאָרנישט, זייערע העלדן זענען אָפט מאָל אמת׳ע, אָבער נאָך אָפטער נעמען זיי אָן אומ־שולדיקן ראש־הקהל אָדער אַ סתם יידן, וועמענס מצבה מען קען נאָך לייענען און וועמענס אור־אייניקל עס איז אַ דירעק־טאָר אָדער סתם אַ גביר און מאַכן פון אים אַ קדוש. און אויב, פירט דער איד אויס מיט נצחון, איר ווילט זיך איבערצייגן גיט אַ קוק דאָ אויף זייטל 23 פון דער דאָזיקער צייט־שריפט וועט איר געפינען אַלע טויטע פון ראַסקאָוויץ, פרעראַו, און נאָך אַ רייע שטעטלעך. דער סיסטעם איז פונקט ווי ביי מאָדערנע צייטונגען, וואָס מער נעמען אַלץ גרעסער דער טיראַזש.

אומזיסט בין איך פונדעסטוועגן נישט געפאָרן. מיין אינ־פאָרמאַטאָר, וועלכער קען די געשיכטע פון שטעטל ווי אַ פרו־מער ייד אשרי, האָט מיר אויפגעוויזן, אַז דר. טעאָדאָר הערצל שטאַמט פון מוטערס צד טאַקע פון דעם זעלבן שטעטל.

דער ייד, וועלכער איז נאָך איינער פון די שרידים, איי־בערגעבליבענע, פון דער היימאַט־שטאָט, באַווייזט מיר די קאָ־ראָספּאָנדענץ פון זיין פאָטער און מוטער אַלס חתן־כלה ערגעץ אין יאָר 1819 געשריבן אין עברי־טייטש אָבער מיט פיינע גע־ציקלטע יידישע אותיות.

שפּעטער בין איך געווען אין יידישן „ראָט־הויז״ וואו די ביכער זענען יאָרן לאַנג געפירט געוואָרן אין מאַמע־לשון מיט העברעאיש געמישט.

אָבער וועגן די אויטאָנאָמע יידישע קהלות וועלן מיר נאָך רעדן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, און איצטער גענוג מיט געשיכטע. — צוריק קיין פראָג, און פון דאָרטן אין דעם נאָך מער פאַר׳גויישטן בעמען.

מירן איצטער פאָרן אויף אַ שפּאַציר אין טשעכישן אינ־דוסטרי געביט, וועלכער הויבט זיך אָן הינטער פראָג.

אָבער קיין פּראָג וועלן מיר נאָך אַ סך מאָל מוזן צוריקקומען טאָ לאָמיר פאָרן אַ ביסל ווייטער, צוויי שעה פון פּראָג אין דער באַרימטער ביר־שטאָט פּילזן.



פּילזן

די הויפּט־שטאָט פון אַלע, וועלכע האָבן ליב אַ גוט ביסל משקה. האָט טאַקע פּילזן אַ גאַנצע סעריע פון שטאָט־בילדער, אין דער פאָרם פון אָנזיכטס־קאַרטן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די געסט וואָס קומען אין שטאָט, שטייגן אויס אין נאָנטסטן האָטעל און מאַכן אַ לחיים איבער דעם אמת'ן ביסל עכטן פּילזנער ביר און נאָכן דאָזיקן קדוש גייט מען געוויינ־לעך אַרויס אָנקוקן די שטאָט, וועלכע איז אַ ביסל באַרגיק.

אין שטאָט נעמט מען ווידער אַמאָל אַ קאַפּיטשקע, ווייל מען איז דאָך אין ביר גן־עדן פּילזן, מיט אירע באַרימטע ברויערייען. און אַז מען גייט צוריק צו זיך אין האָטעל זעט מען די הייזער שטייען אַ קאַפּיטשקע קרומלעך... און די טעלעגראַף־סלופּעס טאַנצן אַ מין לאַנגזאַמען וואַלצער... — וואָס ווילט איר

האָבן? איך אַליין, האָב מיט מיינע אייגענע אויגן, געזען דעם פּראַכטפולן בנין פון דער פּילזנער סינאַגאָגע, איינער פון די שענסטע בנינים אין שטאָט, וועלכע איז געשטאַנען אויסגעבויגן



די באַרימטע ביער־ברויערייען אין פּילזן.

אויף לינקס און געקוקט מיטן שפּיץ־טורם ערגעץ ווייסט דער דער גוטער יאָר וואו... הגם דער ראַבינער האָט מיר פּאַרזי־כערט, אַז אַזוי זעט אויס די שוהל בעת מען גייט פון בירגער ברוי־הויז...

פּילזן איז פאַר אונז היינט פון אַ גוואַלדיקער באַדייטונג אַלס די איינציקע, וועלכע איז בכח צו קאָנקורירן מיט דער היטלעריסטישער ביר אינדוסטרי אין דעם אַנטיסעמיטישן מינכן, ווייל אויסער וואָס פּילזנער ביר שטייגט אין קוואַליטעט אַריבער מינכן, האָט דאָס דאָזיקע ביר געוויסע הייל אייגנשאַפטן אויף אַ סך מאָגן־קראַנקע מענטשן און ביי היינטיקן טאָג — (ס'איז נישט קיין וויץ און כ'שרייב נישט אונטער דער ווירקונג פון פּילזנער ביר...) פאַראָרדנען דאָקטוירים ביי אַ סך קראַנקייטן אַ „ביר־קור״. שליסלעך איז אַ וועלט נישט משוגע און ווען

די דאָזיקע משקה פון פילזן ווערט אַזוי שטאַרק רעקאָמענדירט דאַרף מען זיך לאָזן איינרעדן און נעמען אַ קאַפּיטשקע... און אויב עס איז אפילו נישט קיין רפואה אָבער שאָדן קען עס באַשטימט נישט...

* *
*

נישט קיין חילוק, אין וועלכער זייט פון פּראָג איר וועט אַוועקפאָרן, צי פּאָ־ט איר אין דער ריכטונג פון ריזן געבירג, אָדער שטראָם אויף פון דער עלבע, אומעטום זידט די געזונטע נערוועזיטעט פון דער דאָזיקער רעפובליק.

אַלץ איז דאָ פאַראַן און מאָדערנער ווי אַנדערשוואו, מאָ־דערנער ווייל יונגער.

מאָראַוויסקאַ אָסטראַוואַ (מעריש אָסטראָו) די שלעזישע קוילן און שווער־אינדוסטרי־פעסטונג רופן זיי דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע בירמינגהאַם און ליבערענץ (רייכנבערג) און ברין מיט זייערע באַ־רימטע טעקסטיל־אינדוסטריען האָבן זיי ליב אָנצורופן „דאָס טשע־כישע מאנטשעסטער", אויב דאָס מאַכט זיי פאַרגעניגן מהיכי־תיתי און איך געפין, אַז ברין האָט נישט נויטיק זיך אויסצולייען אַ נאָמען. די טשעכאָסלאָוואַקישע אינדוסטרי איז פאַרהעלטניסמעסיק יונג דערפאַר מאָדערנער ווי די ענגלישע און וואָס שייך קוואַליטעט איז עס אַ באַקאַנטע זאַך, אַז געוויסע סוחרים קויפן ריזיקע סטאָקן טעקסטיל אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, פירן זיי קיין ענגלאַנד און ברענגען זיי פון דאָרט צוריק מיט אַן אָריגינאַל ענגלישן סטעמפל..

מיר לעבן דאָך היינט אין אַ צייט פון אילוזיעס, און ווער עס איז נישט קיין אילוזיאָניסט באַצאָלט פאַר די זעלבע סחורה ביליגער, איבריגנס לאָמיר נישט רעדן קיין לשון־הרע, אָפּזאָגן תפילת־הדרך און זיך אַרויסלאָזן אויף אַ נייעם שפּאַציר לענג־אויס דער עלבע. באַזונדיק אומגעהוירע אוצרות פון אינדוסטרי געשאַפן דורך מענטשלעכן מאַרך ענערגיע און שווייס.

לענג־אויס פון דער עלבע, ציט זיך דאָס געדיכטע אינדוסטרי־געביט. אין דער דאָזיקער געגנט געפינען זיך די גרויסע כעמישע פאַבריקן, דאָ ליגט אַ טייל פון די כעמישע קוילן־גרובן (אַ צוויי־



אַ ווינקל פון די „שקאָדאַ-ווערק" אין פילזן — איינע פון די גרעסטע מאַשינען און אויטאָמאָביל פאַבריקן אין דער וועלט.

די „שקאָדאַ-ווערק" זענען די איינציקע פריוואַטע אונטערנעמונגען אין לאַנד, וועלכע האָבן אייגענע שיפען.

טער טייל געפינט געפינט זיך אין שלעזיע), די גרויסע גלאָז-הוטן, פאָרצעלאַן פאַבריקן, מאַשינען און שווער - אינדוסטרי. איר פאָרט שעהן לאַנג אין אַ וואלד פון הויכע רויכערדיקע פאַבריק-קוימענס. דער צוג פאָרט פאַרביי די אייזן - גיסערייען, וואו האַלב - נאַקעטע מוסקולעזע אַרבעטער שטייען ביי די רויט אָנגעגליטע גיהנום-אויוונס, וואו פייערדיק-רויטע צעשמאָלצענע אייזן - מאַסן לויפן איבער שטיינערנע קאַנאַלן. פאַר אייערע אויגן פליען פאַרביי די הויכע אויפצוג טורעמס פון די קוילן - שאַכטעס און איר הויבט אָן באַגרייפן וויפיל ענערגיע עס שפרודלט דאָ, אין דעם פאַרהעלטנס-מעסיק קליינעם שטיק בעמען, וויפיל אוצרות און פאַרמעגנס און וויפיל מעגלעכקייטן עס ליגן דאָ באַהאַלטן אין איין ווינקעלע פון דעם שמאָלן פאַס לאַנד אין האַרץ פון מיטל-אייראָפּאַ, וואָס רופט

זיך טשעכאָסלאָוואַקישע רעפּובליק. ווייל דאָ איז דאָך אויסגעוואַקסן די אינדוסטרי פון דער אַמאָליקער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע, מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער 40 מיליאָן מענטשן, פאַרברוי־כערס. און דאָך האָט טשעכאָסלאָוואַקיי מיט איר 16־מיליאָניקער באַפעלקערונג, נישט בלויז באַוויזן צו דערהאַלטן, נאָר אויך ווייטער אויסצובויען די אינדוסטרי, אין וועלכער אונזערע יידן זענען נישט וועניק באַטייליקט.

איך נעם זיך נישט אונטער דאָ אויסצוציילן די יידישע אינדוסטריעלע אין טשעכאָסלאָוואַקיי, אָבער איך וויל דאָ דערמאָ־נען אַ פּאָר פון די סאַמע וויכטיקע, וועלכע שפּילען אַ באַדייטנדע ראָל אין ווירטשאַפטליכן לעבן פון דער רעפּובליק.

די גרויסע קוילן־גרובן אַרום אויסיג (אוסטי) זענען צום גרעסטן טייל דאָס אייגנטום פון דער יידישער פירמע „פּעטשעק"; די פּראָגער מאַשינען און אויטאָ־פאַבריק „טשעסקאַ מאָראַווסקא" איז אויך פון יידן געגרינדעט און ווערט נאָך היינט צו טייל פאַררעכנט אַלס יידיש, הגם די יידישע באַטייליגונג אין דער פאַבריק איז נישט מער גרויס; אין טעפּליץ־שענאו, אַ וואונדערבאַר קור־אָרט אין בעמען, איז די יידישע באַטייליקונג אין דאָרטיגן אינדוסטרי־לעבן אַ גאָר באַדייטנדיקע, אָבער דאָס דאָזיקע שטעטל מיט אַ פאַרהעלטנסמעסיק גרויסער יידישער באַפעלקערונג פאַרדינט מער אויפמערקזאַמקייט און מירן דערצו אומקערן זיך אין קומנדיקן אַרטיקל.

נישט ווייט פון פּראָג, געפינען זיך נאָך היינט יידישע דער־פער איינגעפונדעוועטצ פון יאָר־הונדערטער, וועלכע פירן נאָך אַן אייגנאַרטיקן לעבן פון ישוב'ניקעס. איינער אַזאַ פויער מיטן נאָמען עסטרייכער (היינט האָט ער זיך טשעכיזירט, און רופט זיך ראַקושאַן), האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק, אָנגעשריבן אַ בוך וועגן לעבן אין די דאָזיקע דערפער, וועלכעס האָט געהאַט אַ באַדייטנדען דערפאָלג.

אויף דעם זעלבן וועג צום צענטער פון דער אינדוסטרי, געפינט זיך דאָס שטעטל ראַודניצע אַזוי זיך, אויסערלעך, אַ שטעטל ווי אַלע טשעכישע שטעטלעך, זויבער געפלעגט, מיט

אַ ברייטן פּאַרק-פּלאַץ, אַ קלויסטער און להבדיל אַן אַלטע שוהל, מיט אַ „ביליקן רב”... ס׳הייסט אַזאַ, וועלכער איז צו גלייכער צייט אויך לערער און שוחט און „נאָך עפּעס” און לאָזט זיך דערפאַר באַצאָלן מיט וואַסער אויף קאַשע, פאַרלאָזנדיק זיך אויפן יושר און גוט-האַרץ פון די בעלי-בתים, וועמען די יידישקייט ליגט אין דער לינקער פּיאַטע.



— די קהלה — קלאָגט זיך פאַר מיר אַ רייכער פאַבּ-ריקאַנט, — וועלכע איז אַמאָל געווען איינע פון די באַרימטע אין לאַנד, גייט אונטער, אַ סך צולויפן זיך קיין פּראָג און די וועלכע זענען נאָך געבליבן האָבן אַ קנאַפּן אינטערעס אין יידישקייט. אָט זעט איר, פירט ער אויס, ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ גוטן רב, אַ פריידיקען, וואָס זאָל צוציען די יוגנט און פאַר איין וועגס אַ גוטען העב-רייער, וואָלט נאָך עפּעס געווען צו ראטעווען, טאָ פאַרוואָס — בין איך נייגעריק — האָט איר נישט אַזאַ גוטן רב? — אַז פּרנסה, ווי איר זאָגט, פעלט נישט. דערויף האָט ער מיר קיין קלאָרע תשובה נישט געקענט געבן.

אין ראַודניצע געפינען זיך אַ צאָל וויכטיקע פאַבריקן, ווי די בעסט־גייענדיקע קנעפּ-פאַבריקן פון טשעכיען, וועלכע געהערן אַ יידישער פירמע און די צווייט-גרעסטע פאַבריק פון לאַנד־ווירטשאַפטלעכע מאַשינען, געהערט צו 2 יידן, די ברידער בעכער, דאָס איז אויך די ערשטע פאַבריק פון דעם מין—געגרינדעט דורכן פאָטער פון די היינטיקע בעלי-בתים.

אין באַן צוריק אין פּראָג, האָב איך זיך געטראָפן מיט

איינעם פון די ברידער, אַ שטיקל ציוניסט, וועלכער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין: פון די נאָענטע לענדער זענען היינט פאַראַן 2 גוטע קונים; רוסלאַנד און... ארץ ישראל.

די ערשטע, רוסלאַנד הייסט עס, איז קודם כל נישט פון די גוטע צאָלערס, און אויסער דעם דאַרפן זיי שוין כמעט נישט דעם אויסלענדישן מאַרק (אויסער פאַר באַזונדערע ספּעציאַליטעטן); און די אַנדערע ארץ ישראל, איז פון זינט דעם יידישן בויקאָט אויף דייטשלאַנד געוואָרן דער בעסטער קונה פון אירע סחורות, צום טייל דורך דעם אַריבערברענגען פון דעם פאַרמעגן פון דייטשע יידן, אָבער אויך דורך דירעקטע באַשטעלונגען, לויטן באַרימטן טראַנספער-אָבמאַך. אָבער מיין פאַבריקאַנט פאַרלירט נישט די די האָפנונג — דער בויקאָט הויבט זיך ערשט אָן און מען וועט נאָך מוזן אַרבעטן איבער-שעהן כדי צו קענען באַדינען דייטש-לאַנדס אַמאָליקע קונים. — הלוואי, רבונו של עולם — טראַכט איך ביי זיך — דאָס וועט אפשר העלפן אויסבייטן דער „ביליקן רב" אויף אַ טייערן...

פון אים דערוויס איך זיך, אַז די לאַגע פון די יידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע איז אַ צרה'דיקע. פאַראַיאָרן האָט די פאַבריק געהאַט געשלאָסן אַ טויש געשעפט מיט אַרגענטינער יידישע קאָלאָניסטן, די לעצטע האָבן געדאַרפט ליפערן זייער ווייץ און דערפאַר באַקומען מאַשינען, אָבער דאָס איז נישט צו-שטאַנד געקומען, מחמת די קאָלאָניסטן האָבן נישט געהאַט די נויטיקע מזומנים פאַרן טראַנספּאָרט פון דער תבואה.

זעט איר דאָס ביסל עשירות, וואָס איך האָב הערוויל דאָ אָנגעטראָפן ביי יידן אין בעמען, וואָלט די אַרגענטינער קאָלאָניסטן נישט געשאַט (אונז אויך נישט).

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ וואו עס איז פאַראַנען רייכטום, געפינט זיך אויך דער קעגנזאַץ — אָרימקייט און דער עיקר אין די טשעכאָסלאָוואַקישע אָסט-פּראָווינצן און אונטער-קאַרפּאַטן-רוסלאַנד, צו וועלכן מיר וועלן נאָך אין די ווייטערע קאַפּיטלען צו קומען.

אָבער אָרעמקייט האָט די שלעכטע טבע, אַז עס אַנטלויפט נישט אַזוי גיך, אַפילו ווען זי איז באַהויכט מיטן אָטעם פון פּיעטעט



אוסטי (אויסיג) איינע פון די שענסטע אינדוסטרי־שטעט ביים טייך עלבע.

און לעגענדע, ווי דאָס איז דער פאַל אין יענע ראָמאַנטישע מקומות אין פּאָד - קאַרפּאַטסקאַ - רוס.

מיר זענען איצט ביי דער עלבע געגנט, פון וואַנען, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, דאָס לאַנד ציט אַ גרויסן טייל פון זיין חיונה און זיין פּרעסטיזש אַלס מאָדערנער אינדוסטרי - שטאַאַט. אָבער די דאָזיקע געבענשטע געגנט פאַרשאַפט דער טשעכאָסלאָ-וואַקישער מלוכה נישט ווייניק קאָפּ-ווייטאָק, איבערהויפּט פון דער צייט זינט דער משוגעת פון היטלעריזם, האָט אַרומגעכאַפּט דעם שכן פון מערב.

דאָ לעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן דער גרעסטער טייל פון דער דייטש-רעדנדיקער באַפעלקערונג פון דער רעפּובליק, און דאָ אַהער האָט אָיגעשפּאַרט מיט דער גאַנצער וואוכט די גיפטיקע נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע.

אויך דאָ, ווי אין אַלע אינדוסטרי געגענטן אין דער גאַנצער וועלט, הערשט צום טייל אַן אַרבעטסלאָזיקייט און דאָס דייטשע פּראָפּאַגאַנדע - מיניסטעריום זוכט דאָ צו כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער.

עס וואָלט אונז צו ווייט פאַרפירט, ווען מיר זאָלן זיך דאָ אַריינלאָזן אין דעם גאַנצן פּאָליטישן פּלאָנטער פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם, און איבריקנס ווילן מיר דאָך אַלע האָפן, אַז דער ברוינער קאָשמאַר וועט נישט אייביק אָנהאַלטן. טאָ צו וואָס קאַליע מאַכן אַ קאַפּיטל פון אַ רעפּאָרטאַזש, וועלכן (אַזוי ווילן מיר ווענקסטנס האָפן) מען וועט נאָך לייענען נאָך דער מפּלה פון יענע משוגעים, וואָס עס ווילט זיך זיי אָנצינדן אַ וועלט..

יאָ, די דייטש-רעדנדיקע באַפעלקערונג, איז טיילווייז אָנגע-שטעקט מיט דער ברוינער מגפה, אָבער אויך דאָ ווערט אַ סך איבערטריבן, אויך דאָ זענען די ערלעכע בירגער ווייט און אומ-דערגרייכבאַר פון דעם ברוינעם סם.

פונקט ווי איך וויל נישט איבערטרייבן מיט דעם פּעסעמיזם, וויל איך אויך דעם אָפּטימיזם קיין צו ברייטן פּלאַץ נישט מאַכן. און דער פאָלגנדיקער טשיקאַווער פאַל, בעת וועלכן איך האָב זיך כמעט ערקלערט פאַר אַ גאַליציאַנער איז כאַראַקטעריסטיש און פאַרדינט

פאַרצייכנט צו ווערן, ווי אַן אילוסטראַציע צו מיינע אויספירונגען.

די נעגאַטיווע זייט האָט קיין צוועק נישט צו פאַרצייכנען, דאָס טוט שוין פאַר אונז דאָס מעכטיקע פראָפּאַגאַנדע-מיניסטעריום פון אַ געוויסער מדינה נישט ווייט פון דאַנען.

און אָט ווי איך האָב זיך אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, פייער-לעך, דעקלאַרירט אַלס גאַליציאַנער.

אין משך פון מיין נסיעה איז מיר אויסגעקומען באַזוכן אַ קליין דערפל, וואו איך האָב געמוזט וואַרטן עטלעכע שעה אויפן „עלבע-דאַמפער", אַ ראָמאַנטישע אַלטע שיף, וועלכע פאַר-קערט אויף דער עלבע צווישן דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיי. דער דאָזיקער שפּאַציר ביז דער דייטשער גרענעץ (נישט ווייטער).. איז איינער פון די אינטערעסאַנטסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געמאַכט אין מיין לעבן. דער דאַמפער באַוועגט זיך צווישן נרינע לאָנקעס, בליענדע קירשן-בוימער און אויב איר פאַר-געסט אַ ווײַלע און קוקט נישט אַראָפּ אין וואַסער, האָט איר דעם איינדרוק, אַז די שיף פאָרט נישט אויפן וואַסער נאָר גליטשט זיך אויף אַ גרין באַבלומטן טעפּיך אין אַ פּאַנאָראַמע פון שמע-קנדיקע אויבסט-בוימער, און ווען נישט די פאַבריקן און שאַכטן, וואָס רויכערן פון דער ווייטנס, און די באַנען וואָס לויפן פאַרביי אַלע 20—30 מינוט אויף ביידע שטרעקעס פון ביידע זייטן טייך, וואָלט איך האָבן דעם איינדרוק זיך צו געפינען אין דער נידערי-קער געגנט פון דער שווייץ אָדער גאָר ערגעץ אין רואיקן מיטל-פראַנקרייך. אַביסל שפּעטער בייט זיך דאָס בילד, און מיר פאָרן צווישן הויכע פעלזן-יוענט, וועלכע דערמאָנען רייך דעם וועג נאָך ארץ ישראל איבער די דאַרדאַנעלן, בלויז דאָ זענען קיין קאַנאָנען נישט איינגעמויערט, און נאָך אונזער שיף שווימען נישט נאָך קיין דעלפינען, העכסטנס אַ בעל-הבתישער העכט, וועלכער פאָרט מיט עטלעכע הונדערט מעטער, ביז אַ רייזנדער וואַרפט אים אַראָפּ אַ שטיק ברויט. איבער אונז און אַרום אונז גרינען פיכטן-וועלדער, וועלכע שפּיגלען זיך אין ליכט פון דער בין-השמשות'דיקער זון און די רואיק שטראָמענדיקע פלוטן פון דער עלבע.

און אָט אין דער געגנט פון איינעם פון די זויבערע דערפלעך

אַרום דער עלבע, האָב איך אין יענעם זונטיק פאַרנאַכט שפּאַצירט נישט ווייסנדיק וואָס אָנצוהייבן אין די עטלעכע שעה, וועלכע איך בין געצוואונגען דאָרט צו וואַרטן. יידן, האָב איך שוין דער-פאַרן, זענען דאָרט נישט פאַראַן. עס איז יאָ דאָ אַ פאַבריק, וועל-כע געהערט צו אַ יידן, אָבער יענער וואוינט אין שטאָט און האָט מיט קיין יידישקייט נישט קיין גרויסע מגע ומשא און מיט די דייטשן פון יענער געגנט, עטלעכע הונדערט שריט פון דער דייטשער גרעניץ, האָט זיך מיר נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין פריינטשאַפט, האָב איך זיך אַזוי איינזאַם שפּאַצירט איבערן זויבער-אויסגעצוואָגע-נעם, זונטיק-געשטימטן דערפל מיט די פיין געפלעגטע גערטנדלעך, און, הלמאי זאָל איך לייקענען, פון לאַנגווייליקייט אָדער אפשר גאָר ביידע צוזאַמען האָב איך פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ בליק אין די אויפגערוימטע דירה׳לעך אין זייער בנעימותדיקער זונטיק-רו.

און מיט אַמאָל פאַר אַנ׳אָפענעם פענסטער, אַ בילד, אַ פאַ-מיליען-בילד פון אַ איד מיט אַ בכבודיקער באָרד און היפּשע פאות, און נעבן אים אַ יידענע אין גאַליציאַנער טראַכט מיט אַ פאַרוק, און אַרום זיי אַ האַלבן טוץ קינדערלעך מיט פאה׳לעך און קאַפּאָט-קעלעך, און מיידעלעך מיט שבת׳דיקע פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך... און דאָס דאָזיקע בילד הענגט זיך בשכנות נעבן אַ קריסטלעכער איקאָנע נישט קוקנדיק וואָס אינעווייניק אין שטוב זענען געזעסן מענטשן, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקענט אָפּרייסן פון דעם דאָזיקן בילד.

אַן עלטערער דייטש איז ענדלעך צוגעקומען צום פענסטער און זיך פריינטלעך מיט מיר באַגריסט און מיך אַריינגעבעטן אין שטוב. איך האָב זיין איינלאַדונג גערן אָנגענומען, און נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון בילד.

— עס איז אייערס אַ משפּחה? — האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן מיט מיין פראַגע.

— נישט מיין משפּחה — לאַכט דער דייטש.

— זיי וואוינען אפשר דאָ אין דאָרף? — בין איך ווייטער נייגעריק.

— זיי זענען שוין לאַנג אַוועק פון דאַנען — שמייכלט ער ווייטער.

— אָבער זיי זענען היגע? — וויל איך וויסן.

— ניין, גאַליציאַנער, איז מיין דייטש אַלץ קאַרג אויף די ווערטער,

— טאָ וואָס, פרעג איך, האָט איר פאַר אַ שייכות מיט גאַליציש ע יידן.

— דאָס זענען די אַנשטענדיקסטע מענטשן, אין דער וועלט, ענטפערט מיר מיין דייטש אַ ביסל נישט צו דער זאַך.

איך האָב נאַטירלעך נישט בדעה צו שטרייטן מיט אַ טשעכאָסלאָוואַקישן דייטש איבער דער אַנשטענדיקייט פון גאַליצישע יידן, און בין מיט אים מסכים גלייך, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין אַנשטענדיקער פאָלק אויף דער וועלט פון גאַליצישע אידן, אגב, זאָלן עס מיר גאַליציאַנער מוחל זיין, האָב איך זיך אין יענעם מאָמענט געפילט אַזוי איבערגעצייגט, אַז איך האָב מיך אַליין דערקלערט אַלס גאַליציאַנער...

אָט, ווערט מיין דייטש שוין בערעדעוודיקער, אָנפאַנג וועלט-מלחמה, בעת די רוסן האָבן אָקופירט גאַליציען, און די דאָרטיקע יידן האָבן צום ערשטן מאָל געקומען שפירן דעם טעם פון אַן עכט-רוסישן פאָגראָם. האָבן זיי זיך מאַסנווייז אַ לאָז געטאָן אַהער אין בעמען אָנגעקומען זענען זיי אַהער אויסגעמוטשעטע, נאַקעט און באָרוועס מיט אַ הויפן קליינע קינדערלעך, צום טויט — פערמאַטערט פון וואָכן זיך אַרומשלעפן אויף אָפענע לאַסט-וואַגאָנעס. אונזערע מענטשן האָבן זיי צו דער באַן אַרויסגעטראָגן קליידער און עסנוואַרג, אָבער זיי האָבן אַ חוץ מילך פאַר די קינדער און ברויט פאַר זיך, גאָרנישט געוואָלט אָננעמען. פון אָנפאַנג האָבן מיר אויף זיי געקוקט ווי אויף ווילדע ברואים מיט משונה-מאָדנע מנהגים און איינגנשאַפטן, שפעטער אָבער, אַז זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרויקט, און די קינדער זייערע האָבן גענומען אַרבעטן אין די שכנותדיקע פאַבריקן, אַז מיר האָבן געזען זייער באַשיידענעם לעבענס-שטייגער, (שטעלט אייך פאָר, ווערט דער דייטש פלוצלינג באַגייסטערט פאַר דער גאַנצער צייט איז קיינער פון זיי נישט געווען שיכור), זענען

מיר געוואָרן גוטע פריינט. און ביז היינט שרייבן מיר זיך מיט זיי דורך. קיינמאָל — פאַרענדיקט מיין דייטש, וועל איך נישט גלויבן אין די עקלהאַפטע מעשיות פון דאָרט און בעת-מעשה ווייזט ער מיט כעס אַריבער צו דער דייטשער גרעניץ.

איך נעם זיך נישט אונטער צו זאָגן, אַז אַלע דייטשן אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי האָבן איבער יידן אַזא מיינונג, באַטירלעך זענען אויך פאַראַן אמת'ע היטלער-דייטשן, אָבער די לעצטע זענען אויך פיינט פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפובליק, און, דאָס גיט אונז אַ גאַראַנטיע פאַר זייער אומשעדלעכקייט, זיי וועלן זיך שוין מיט דער חברה אַן עצה געבן...



א טיפ פון אַן אָסט-סלאָוואַקישן רב

פון די אויבנדערמאָנטע פליטים זענען אַ סך צוריק אַהיימגעפאָרן קיין גאַליציע, אָבער אַ גרויסער טייל איז געבליבן אין בעמען (דאַמאָלס נאָך אַ טייל פון דער עסטרייכיש-אונגאַרישער מאָנאַרכיע), און ביים היינטיקן טאָג געפינט זיך אין דער טשעכישער פראָווינץ אַ גרויסער קבוץ פון די דאָזיקע יידן, וועמען עס גייט אין פרנסה נישט שלעכט, און זיי זענען עס די יעניקע, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט פריש בלוט אין דעם איינגעשלאָפענעם בעמישן יידנטום.

אין אַ שטעטל ווי טעפליץ-שענאַו, וואו די יידישע באַפעלקערונג ציילט אַ 600 מענטשן געפינען זיך אַרום 300 פויליש-יידישע משפחות. על פי רוב נאָך רעליגיעז. אַ טייל פון זיי איז שוין נאַטוראַליזירט טשעכאָסלאָוואַקיש, אָבער אויך די, וועלכע זענען נישט נאַטוראַלי-

זירט פילן זיך דאָ זייער גוט, און האַלטן, אַז קיין בעסער לאַנד דאַרפן זיי נישט (אויסער ארץ ישראל) אַדאַנק זיי איז דאָ דער ציוניזם אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל, און בכלל יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט אַ מאָדערנעם, נישט אָפּגעשטאַנענעם („איזראַעליטישן") שוואונק.

זיי, די דאָזיקע יידן פון גאַליציע, און צום טייל אויך די ניי־איינגעוואַנדערטע יידן פון די טשעכאָסלאָוואַקישע אָסט־פּראָווינצן, זענען עס די יעניקע, וואָס פרישן אָפּ ס'ביסל יידישקייט אין דער מערב־פּראָווינץ פון דער רעפּובליק.

פאַראַן דוקא צווישן זיי, אַ היבש ביסל אָפּפאַל, זשוליקעס, אָדער סתם יונגאַטשעס, וועלכע פוילן אָפּ זייער לעבן לאַנג אין די קאַפע־הייזער ביים בילאַרד־טיש.

אין איינעם אַ שטעטל האָב איך געטראָפן אַ בחורעץ אַ גאַליציענער, וועלכער רויכערט נישט אום שבת, עסט נישט קיין טריפות, אָבער שבת נאָכמיטאָג גייט ער אין אַ געמיינעם טאַנץ־לאָקאַל, טאַנצט מיט אַ שיקסע אָדער גויע, און לאָזט זיך אויפשרייבן דעם רעכנונג ווייל .. ער צאָלט נישט אום שבת. און דוקא די חברה, אַ פאַרשווינדנדיקע מינדערהייט, וואַרפן זיך אין די אויגן, און די אַסימילאַנטן האָבן אויף וועמען זיך צו רייסן די ציין.

איך מוז פון אָנהויב אָן מודה זיין, אַז דאָס מאַטעריאַל וועלכעס איך גיי דאָ באַהאַנדלען גייט נישט אַריין אין מיין געביט. איך וועל איצטער רעדן וועגן ספּאָרט, אַ פרעמדער ענין פאַר אַ יידישן זשורנאַליסט, וואָס קען און מוז שרייבן איבער אַלץ אין דער וועלט אַ חוץ פון ספּאָרט. איך וועל אייך גערן אָנשרייבן אַן אָפּ־האַנדלונג וועגן דער רעגירונגס־פאָרם אין טיבעט און דער יאַפּאַ־נישער פאַרוואַלטונג פון מאַנדזשוקאָ, איידער אייך געבן אַ באַריכט אָדער אַ שילדערונג פון ספּאָרט. איך קען אַ יידישן קאָלעגע אין פאַריז, וועלכער קויפט זונטיק קיין צייטונג נישט, ווייל... נו ווייל זונטיק איז די צייטונג פול מיט ספּאָרט־באַריכטן און פון ספּאָרט „פאַרשטייט ער שוימען"...

אָבער אין דעם לאַנד האָב איך אָנגעהויבן קוקן אויף דער

דאָזיקער, נישט יידישלעכער, פאַרוויילונג מיט אַנדערע אויגן און בין, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַליין נכשל געוואָרן דערין. גענומען זיך לערנען סקי־פאָרן און נאָכטאָן אַנדערע „נאַריש־קייטן”.

ווייל דאָס דאָזיקע לאַנד איז געבויט אויפן ספאָרט און די ערשטע פרייהייטס־קעמפער, די ערשטע שוואַלבן פאַר דער ווידער אויפלעבונגס־באַוועגונג פון לאַנד און פאָלק זענען געווען די סאָקאָלן, די גרויסע נאַציאָנאַלע ספאָרט־אָרגאַניזאַציע וואו יעדער גוטער טשעכאָסלאָוואַק ווערט דערצויגן מיטן פרינציפּ פון „נפש בריאה בגוף בריא” — אַ געזונטע נשמה אין אַ געזונטן קערפּער. און דאָס זעלבע טוט אויך די יידישע יוגנט אין די אַלגעמיינע און אין די ספּעציעל יידישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס און קלובן.

ספּאָרט איז דאָ אַריין אין דער פאָלקס־נשמה עס איז אַ פּאָפּולערע זאַך און דער עיקר אַ געזונטער, נישט איבערגעטריבענער און נישט פאַרסנאָבטער שפּיל.

און די הויפּטזאַך; די נאַטירלעכע באַדינגונגען, וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט און די וועלכע דאָס פאָלק און די רעגירונג האָט, מיט אַ סך איבערגעגעבנהייט און גוטן ווילן, געשאַפן.

פון איין זייט די ריזן־געבירג, פון דער אַנדערער זייט די באַרימטע טאַטראַס און קאַרפּאַטן, וואו מען פאָרט אויף פאָלקסטימלעכן ווינטערספּאָרט, נישט בלויז פון אייגענעם לאַנד נאָר אויך פון אויסלאַנד — צוליב דעם פּשוטן טעם וואָס דאָ איז ביליגער און באַקוועמער ווי אַנדערשוואו.

צענדליקער מאָל בין איך שוין ווינטער פאַרביי־געפאָרן די שווייץ, אָבער קיינמאָל איז מיר נישט איינגעפאַלן אפילו אַריינצושמעקן אין אַזאַ מקום, וויסנדיק, אַז מער ווי אַ טאָג וועל איך נישט אויסהאַלטן — נישט חס־ושלום, אַז די גוטע לופט אָדער די געבירג וואָלט איך נישט אויסגעהאַלטן, אדרבא דאָס איז לגמרי נישט שלעכט, אָבער פּראָזאַאיש זיך אויסגעדריקט,



די טאַטראַ־בערג אין ווינטער (זעלענסקאַ פּלעסאָ)

מיין איך פשוט דעם דינעם פּאָרטפעל פון אַ נאַש־בראַט... טאָ צו וואָס, פלעג איך טראַכטן, זיך צורייצן דעם אַפּעטיט?

אַנדערש איז עס געווען, ווען איך האָב זיך דערוואוסט פון די גרויסע באַן־הנחות, פון די ביליקע האטעלן דאָ אין די הויכע בערג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי און די איבריקע באַ־קוועמלעכקייטן. דאַן האָב איך פּלוצים אַנטדעקט אין זיך אַ גוואַל־דיקן דראַנג צום ספּאָרט און מיט התמדה גענומען לייענען די הונדערטער פּראָפּאַגאַנדע העפטלעך וואָס רעדן וועגן „באָבסליי", „סקי" 15 הונדערט מעטער הויך — דריי אַ האַלבע מעטער שניי און כדומה אַזעלכע זאַכן, וועלכע מען קריגט נישט אין קאַפּע־הויז און אפילו נישט אין ליטעראַטן פאַריין.

יעדן שבת נאָכמיטאָג, ביז אין אַ שפּעטער אָוונט־שעה, טומלט זיך אויפן פּראָגער ווילסאָן־וואָקזאַל. הונדערטער גרופּעס פאָרן דאַמאָלס אַוועק, ווער אין דער טאַטראַ און ווער אין ריזן־געבירג אויף ווינטער־ספּאָרט. די וואַגאָנעס האָבן גיכער אַ פּנים פון מיליטער־לאַגערן אָדער עפּעס ענלעכעס, איידער פון נאָרמאַלע אייזן־באַן קופּעען. אַלץ איז פאַרלייגט מיט די לאַנגע סקי־ברעטער און שטעקנס און די מענטשן מיט זייערע מאָדנע אָנטועכצן. ווייבער אין מענערישע הויזן און מענער אין טשיקאַווע מאָדנע מיצלעך און אַלץ רעדט אויפן קול... אַ שטימונג אַ גאַנץ אַנדערע ווי אין דער סטאַטעטשנער הויך־ציוויליזירטער שטאָט.

די ספּעציעלע ספּאָרט־צוגן האָבן נאָר איין קלאַס, די דריטע און אָנשטאָט דעם עלעגאַנטן שפּייזע וואַגאָן גייט מיט אַ לאַנגע „סטאָיקע", וואו אַלץ קען מען באַקומען נאָר שטיי־ענדיק. דערפאַר זענען אָבער די פּרייזן אַזוי אויסקאַלקולירט, אַז איר זענט בכח מיט די באַשיידנסטע מיטלען איינמאָל מיט־צומאַכן אַ נסיעה אויפן ריזן געבירג און דערנאָך זיך פאַר אַלע אייערע פריינט באַרימען, אַז איר, נו איר... זענט היינ־טיקס יאָר געווען אויף ווינטער־ספּאָרט.

די ענגעניש אין די וואַגאָנעס איז פאַר מיר אויף דער דאָזיקער רייזע קיין שטערונג נישט, מחמת עס איז מיר פשוט

אַ שאָד אַוועקצוגיין פון פענסטער. דער צוג איינגעשפּאַנט אין די צוויי לאָקאָמאָטיוון שניידט זיך אַלץ העכער אַריין אין שניי־באַדעקטן געבירג. די לופט ווערט אַלץ קילער און ריינער. מיר פאָרן איצט אַריין אין הויך־געביט, דאָס אַזוי גערופענע ריזן־געבירג, פון וואַנען עס פליסט אַרויס די עלבע.

אין ווירך־לאַבאַ (האָהענעלבע) איז די ענדסטאַציע. ווייטער גייט דער צוג נישט. גרויסע אויטאָבוסן וואַרטן פאַרן וואָקזאַל אָפּ די פּאַסאַזשירן, וועלכע צופירן זיי אין פאַרשידענע פונקטן פון געבירג.

איך פאָר נאָטירלעך, אין מייסט באַזוכטן אָרט, אין שפּינדערמילע, בסך־הכל געציילטע עטלעכע קילאָמעטער פון דער דייטשער גרענעץ.

אומענדלעכע שניי־פעלכן, ווי ווייט דאָס אויג דערגרייכט שניי־באַדעקטע סאָסנע־וועלדער טאָל און באַרג באַדעקט מיט דער ווייסער שניי־דעק און דאָ און דאָרט בליצן די העל־באַלויכטענע האָטעלן און לאָקאַלן, וועלכע זעען אויס ווי מאָדנע עקזאָטישע געוויקסן אַריבערגעפלאַנצט אַהער פון אַן אַנדער וועלט...

אויף שריט און טריט באַגעגנט איר פריילעכע פאַרפלאַמטע פּנימער. יונגוואַרג און עלטער פליען דאָ אַרויס אויף זייערע סקי־ברעטלעך, ווי אויטאָמאָבילן אויפן פּאַריזער גאַסן פלאַסטער און איר מוזט זיך געבן אַ סך מי, כדי זיך נישט צוזאַמענצושטויסן מיט אים, אָדער איר, אין טיפן שניי...

צווישן די אומצייליקע האָטעלן און פּענסיאָנאַטן געפינט זיך דאָ אויך אַ יידישער האָטעל, אָבער דאָס איז נישט געזאָגט, אַז אַלע יידן זענען דווקא דאָ אין דעם האָטעל, וואו זיי וואָלטן, אגב, נישט געקאָנט האָבן קיין פּלאַץ. מהמת לויט מיין שאַצונג, זענען אַ העלפט פון די געסט אין די שפּינדלערמילע מאחינו בני־ישראל... און שליסלעך, די וועלכע קומען אויף ווינטער־ספּאָרט זענען דען מחויב צו דערציילן, אַז זיי זענען יידן — אויב נאָטירלעך זייער אייגענע נאָז זאָגט עס נישט אויס ?...

דער אויסערגעוויינלעכער קאָמפאָרט האָט מיר אין ערשטן מאָמענט אַ ביסל איבעראַשט. אָט אָ דאָ אין מיטן געבירג קריגט איר אַ צימער, וואָס איז נישט ערגער איינגעאָרדנט ווי אין וועלכן פּאַלאַץ־האָטעל אין אַ גרויסער אייראָפּעאישער הויפּט־שטאָט, מיט קאַלט און וואַרעם וואַסער, פאַר דער באמת באַשיידענער סומע פון 15–20 קראָנען אַ נאַכט. און פאַר גע־צאָלטע עטלעכע קראָנען פאַרברענגט איר דעם אָוונט אין אַ נאַכט־לאָקאַל מיט מוזיק און געזאַנג.

קומען טאַקע אַהער אויסלענדישע געסט און דער עיקר דייטשע יידן.

— ווילסט זיך באַקענען מיטן יידישן פּובליקום? פרעגט מיך מיין טשעכישער פריינט. טאָ קום היינט אין אָוונט אויפן מאַסקן־באַל, וועסטו דאָרט טרעפן דאָס גאַנצע ביסל יידן.

— פאַרוואָס אויפן מאַסקן־באַל?

— ווייל, פאַרשטייסט דו — דערקלערט מיר מיין פריינט — יידן פילן זיך אויפן טאַנץ־פּאַרקעט בעסער ווי אויף די סקי־ברעטער; מאַסקן־בעלער און ענלעכע פאַראַנשטאַלטונגען קומען דאָ פאָר יעדן אָוונט אין אַן אַנדער לאָקאַל און שליס־לעך, גיט מיין פריינט פילאָזאָפיש צו, קומען זיי דען אַהער ספּאָרטעווען?

— וואָס דען?

— נו, זיי קומען אַהער כאַפּן אַ ביסל פרייע און פרישע לופט. גיי אַריין אין לעזע־זאַל וועסטו זען — ווי זיי זיצן און שטודירן טיכטיק די אויסלענדישע פרעסע. אַזאַ מין ספּאָרט, וועלכן זיי קענען פאַר קיין פאַל נישט באַקומען אין דייטש־לאַנד... און אַ חוץ דעם, קאָסט דאָס זיי באמת גראָשנס. מיט 5 מאַרק אַ טאָג לעבן זיי דאָ ווי די מלכים — אלא וואָס דען? מען דאַרף אַרומגיין אין אַ ספּאָרט־אַנצוג און פון צייט צו צייט, פון יוצא־וועגן, אַ ביסל אַרומטראַמפּלען אין שניי? נו, דערפאַר איז מען דאָך אין גלות...

איז, ווי געזאָגט, אַליין בין איך נישט קיין גרויסער מבין אויף ספּאָרט, אָבער ווען מען געפינט זיך אין אַזאַ מקום,

כאַפּט אייך אָן דער יצר־הרע פון ספּאָרט און איר פּרובט זיך אַליין אויך נאַריש מאַכן... איר קוקט אַרויס פון אייער פענסטער אין די ווייסע בערג, אין די שנייאיקע ווייטקייטן און זעט ווי עלטערע מענטשן, בייכיקע, מיט שווערע גרויע וואָנצעס; די זעלבע, וועלכע איר האָט נאָר וואָס געזען אין האָטעל קרעכצן אויף יידישע צרות — אָט די מענטשן מיט בכבודע פּליכעס, אַזעלכע ווי עס קענען נאָר האָבן דייטשע „געהיים־ראַטן" און „קאמערציענראַטן"... אָט די מענטשן לויפן אַרום און קייקלען זיך אין שניי ווי קינדער, אַז עס איז אַ מחיה צוקוקן...

הלמאי זאָל איך לייקענען, אַז איך האָב צום ערשטן מאָל די פיס געשטעלט אויף די סקי־ברעטלעך האָב איך אין האַרצן אין זין געהאַט: שוטה! אויף די אייגענע פאָדעשוועס פילסט דו זיך דאָך אַ סך זיכערער... און שפּעטער, שוין שטייענדיק מיט מיין „לערער" אָנגעשפּאַרט אויף די צוויי שטעקנס האָט דער רעכטער פוס דוקא געוואָלט מאַכן אַ נסיעה קיין מזרח־זייט, בעת דעם לינקן פוס האָט זיך גראַד געוואָלט אַוועק שפּאַצירן קיין צפונית־מערבית...

און דערנאָך... דערנאָך, ליבערשט נישט צו דער־ציילן... איר לויפט שוין אין פולן גאַלאָפּ און איר פילט זיך שוין מעשה „טשעמפּיאָן" און מיט אַמאָל באַץ... טראַך... און איר שטעלט אין אַ פּאָר מינוט אַרום פעסט, אַז... קיין צובראָ־כענע פיס האָט איר נאָך נישט. וואָס דען? אייערע סקי זענען סתם אַוועקגעפאָרן און, נאַטירלעך, יעדער ברעט אין אַ באַזונ־דערער ריכטונג... אויפן שפּיץ־באַרג, אָדער בעסער, אויף יעדן העכערן פונקט, געפינט זיך אַ מאָדערנער פּאַלאַץ: אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר די ספּאָרטלער. דאָ רופן זיי דאָס אָן „באדע" אָדער אויף טשעכיש „בודא", אָבער דאָס זענען שוין גאָר קיין בודעס נישט — איר קומט אַריין אין אַ גרויסן האָל פון אַ מאָדערנעם האָטעל, אַ סך מאָל שפּילט דאָ אַ פיינער אָרקעס־טער און דער עולם דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ מיט אַ גוט גלעזל פּילזנער, אָדער „סקי־וואַסער".

אין אַ ווינקל פון אַזאַ מין בוידע האָב איך, אין איינעם אַ טאָג, אָנגעטראָפן אַן עלטערן מאַן מיט אַ שפּיץ־בערדל, זיי־צנדיק פאַרטיפט אין אַ... חוק לישראל. איך האָב זיך מיט דעם יידן צורעדט. קודם כל האָט ער אויף גיך צוגעמאַכט דעם ספר. שפּעטער, אַז ער האָט זיך שוין געהאַט איבערצייגט אין מיין יידישקייט, האָט ער זיך ענטשולדיקט מיט די ווערטער: „איך מוס הויטע מיין שיעור צו ענדע לערנען...״ דאָס איז דער ראַבינער פון אַ מזרח־דייטשן שטעטל.

—סטייטש, ה׳ ראַבינער, וואונדער איך זיך, ווי קומט איר צו ווינטער־ספּאָרט?

— נו יאַ, מאַכט ער אַוועק מיט דער האַנט, די פּאָלנישע יידן פאַרשטייען דאָס נישט — דאָס איז שמירת־הגוף. עס איז אַ מצוה, פּונקט ווי אַלע מצות...

— איך בין מסכים, הער ראַבינער, אַז שמירת־הגוף איז גאָר אַ וואַזשנע מצוה, אָבער זאָגט מיר, ליבער הער ראַבינער, האָט איר תמיד אָפּגעהיט די דאָזיקע מצוה, אָדער בלויז זייט עטלעכע יאָר?..

מיין ראַבינער האָט געהיימניספול געשוויגן... אָבער אַ צווייטער הער, וואָס איז געזעסן שווייגנדיק, האָט מיר אויפגע־קלערט.

— דייטשע יידן, אין די קליינע שטעטלעך מיט אַ שיטע־רער באַפעלקערונג, האָבן אין פריערדיקע צייטן אָנטייל גענומען אין לאָקאַלן געזעלשאַפטלעכן לעבן — היינט לעבן זיי איזאָלירט און קומען נישט אַרויס פון די אייגענע פיר ווענט. נו, באַנוצט מען יעדע געלעגנהייט, כדי זיך אַרויסצוכאַפּן אין פרייען אויס־לאַנד... אַרויסלאָזן פון זיך די ברוין־פאַרפּעסטעטע לופט און אָננעמען כוחות אויף אַ פּאָר חדשים. — די געלט מיטלען זענען ביי היינטיקער צייט אויך באַגרענעצטע און גרויסע נסיעות קען מען זיך זישט דערלויבן. איז כאַפּט מען זיך פון צייט צו צייט אַריבער אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, וואו דאָס לעבן איז אומ־געהויר ביליק און מען נוצט דערביי פאַרשטייט זיך אויס אַזעלכע געלעגנהייטן, ווי ווינטער־ספּאָרט און אַנדערע פאַראַנ־

שטאַלטונגען, וועלכע קומען דאָ פאַר לרוב. און ווען מען איז שוין דאָ, טאָ פאַרוואָס נישט אַריינכאַפּן אַביסל עולם־הזה?... און ווי זאָגט דער געערטער הער ראַבינער? שמירת־הגוף, דאָס איז אַ געוואַלדיקע זאַך...

— און שמירת הנפש איז אַ קליינינקייט ביי אייך? ווען מען לעבט חדשים לאַנג אין אַ גייסטיקער תפיסה, איז, פאַר־שטייט זיך, אַזאַ ווינטער־ספּאָרט אויך אַן אָפּרו פאַרן גייסט...

בכלל פאַרן יידן, נישט בלויז דייטשע, זייער אַ סך אויף ווינטער־ספּאָרט. איר טרעפט דאָ ווייניקסטנס 50 פּראָצענט יידן פון דער אַלגעמיינער צאָל געסט. — איך קען נישט געגנוי זאָגן, צי קומען זיי אַהער וועגן שמירת־הגוף אָדער וועגן שמירת־הנפש... גיכער אפשר, פּשוט צוליב דעם ביליקן ביסל עולם־הזה וואָס מען קריגט דאָ.

יאָ, שיער נישט פאַרגעסן דאָס שענסטע: אויף איינעם פון די פילע גרענעץ־פונקטן, דאָ אין געבירג, משמעות אָנגע־צייכנט פאַר בהמות עקספּאָרט, שטייט אויף דער דייטשער זייט אַ גרויסע צוים, אַ מין פאַרקאַן און דערויף אַן אויפ־שריפט: „דער איבערטריט נור פיר דאַס רינדפיה געשטאַטעט", אויף יידיש הייסט עס, אַז די גרענעץ אַריבערגיין מעגן נאָר די בהמות...

גאָרנישט קיין נארישע אויפשריפט, ווייל מען דאַרף שוין טאַקע זיין אַ בהמה, כדי אַריבערצוגיין פון אַזאַ ליכטיק פריי־לאַנד, אַהין אין דער ברוינער פינסטערניש...

אַזעלכע גרענעץ־טאַפלען וואָלטן זיך בכלל, זייער גוט צוגעפּאַסט אויף אַלע גרענעצן פון היטלער־דייטשלאַנד.

* * *

ווי געזאָגט, אין ספּאָרט „פאַרשטיי איך שווימן". אָבער דאָ, אינם לאַנד פון פּאָפּולערן ספּאָרט, האָב איך זיך אויך אָנגע־שטעקט מיט דער אַלגעמיינער ספּאָרט־שטימונג און זיך ביסלעכ־ווייז גענומען אינטערעסירן מיט זאַכן, וועלכע האָבן פאַר מיר ביז דאַן נישט עקזיסטירט.

און וויפיל דאַרף עס אַ ייד, כדי זיך איינצולעבן אין אַ נייער זאַך, כדי תופס צו זיין, זיך פאַרשאַפן די נויטיקע ידיעות און אַפילו — אָנהויבן צו איבערשפּאַרן פאַכלייט?

איר קענט דאָך די מעשה מיט יענעם „הויף־ייד", ווען דער פּריץ שיקט רופן און פרעגט ביי אים: — יאַנקל קענסט מיר פאַרשאַפן אַ פּאָקסטעריער? (אַ הונט פון ענגליש־שקאָטישער ראַסע)

— אודאי, ענטפערט דער ייד מיט זיכערקייט.

— גוט, איז דער פּריץ צופרידן, דאָ האָסטו 25 רובל און גיי ברענג מיר דעם טעריער.

25 רובל? — מאַכט יאַנקל אַן'אומצופרידענע מינע, — וואָס קען מען שוין קריגן פאַר אַזאַ נישטיקער סומע?

— זאָל זיין, ענפערט דער פּריץ און דערלאַנגט יאַנקלען נאָך אַ כ"ה'ער.

אָבער יאַנקל רירט זיך נישט פון אָרט.

— וואָס? — ווערט דער פּריץ אויפגערעגט. — 50 רובל זענען דיר אויך צו ווייניק?

— ניין אדוני פּריץ, ענטפערט יאַנקל אַ ביסל צעשטרייט — 50 רובל זענען זער אַ סך געלט.

— טאָ וואָס'זשע ווילסטו נאָך? איז דער פּריץ שוין בייז אויף אַן'אמת.

— איך האָב אייך נאָר געוואָלט פרעגן פּריץ־לעבן, ציט יאַנקל די ווערטער, איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין סחורה, דאָס דאָזיקע פּאָקסטעריער...

אָט אזוי איז עס מיט דעם אַנדערן מין ספּאָרט, וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן, האָב איך, אַ געבוירענער אויף דער טריקניש, קיינמאָל קיין גרעסערע שיכות נישט געהאַט, ווי יאַנקל מיט דעם פּאָקסטעריער, בלויז מיך האָט דאָ אינפאָרמירט אַ ספּעץ, ווי מען רופט עס אויף אונזער היינטיקן לשון און דעריבער קען איך רעדן מיט מער זיכערקייט.



אויף איינער פון מיינע נסיעות, האָב איך אין איינעם אַ שיי־נעם זומער־טאָג זיך אָפּגעשטעלט אינם שטעטל טשעסקאַ־בודע־יאָוויצע (בוד וויס), אָנצוקוקן די דאָרטיקע שול, אַן איינציק־אַרטיקע אין איר סטיל, גאָטישע פענסטער מיט אַ פּאָרטאַל ווי ביי אַ קאַטעדראַלע.

לאַנג האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם דאָזיקן טעמפּל, געבויט אין דער גלאַנץ־עפּאָכע פון דער אַסימילאַציע, וואו מען האָט געזוכט נאָכצוקאָפּירן און איבערצושטייגן אין אויסערלעכקייט די קריסטלעכע שכנים.

אָבער, ווי לאַנג קען מען עס באַקוקן אַ געשלאָסענע סינאַגאָגע, וועלכע שטייט דאָ פאַר׳יתומט פון איר געבורט אָן. האָב איך געפּרובט אָפּשטעלן פאַרבייגייער מיט אַ יידישן אויסזען, כדי זיך צו ערקונדיקן, וואו מען טרעפט א מענטשן, וואָס זאָל עפענען דעם מקום קדוש, אָבער אָן דערפאָלג. דער רוב פאַרבייגייערס האָט גערעט טשעכיש און קיינער האָט מיר קיין אויסקונפט נישט געקענט געבן.

איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין מיין טאַשן־פּאַר־פּלאַן און זיך פאַרנומען אין דער געגנט פון באַנהויף. אָבער מיט אַמאָל האָבן אָנגערוקט אַ חברה יונגוואַרג, אָנגעטאָן מיט קורצע הויזלעך און פולאָווערס, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגענייט מגן־דוד׳ס. אויף די אַקסלען האָט יעדער געטראָגן אַ לענגלעכן פּאַקעט.

מיין באַשלוס אַוועקצופאָרן האָט זיך פלוצלינג גע־נומען וואַקלען און איך האָב, כמעט אינסטינקטיוו, גענומען נאָכגיין די חברה יונגוואַרג, וועלכע איז, פונקט ווי איך, גלייך פון באַן געגאַנגען אָנקוקן די דאָזיקע טשיקאַווע סינאַגאָגע, אָבער נישט געזוכט אַריינצוקומען אינווייניק, אפשר דערפאַר, וואָס אַלע זענען געווען אָן היטלען... אָדער גיכער דערפאַר, וואָס דער אינווייניק פון אַ שול האָט פאַר זיי נישט קיין גרויסע צוציונגס־קראַפט.

איך פרוב פאַרבינדן אַ שמועס מיט איינעם פון זיי, פאַרשטייט זיך אין דייטש, אָבער יענער ענטפערט מיר אַ ביסל בייזלעך, אין טשעכיש, אַז ער רעדט קיין דייטש נישט.

— גוט, ווער איך נישט נתפעל, איר האָט פולקאָם רעכט און היות איר טראָגט אויף אייער לייבל אַ מגן־דוד מוזט איר דאָך קענען העברעאיש, טאָ לאָמיר רעדן העברעאיש...

מיין ענטפער האָט קענטיק אַריינגעבראַכט דעם בחור אין פערלעגנהייט. העברעאיש קען ער נאָך נישט, אָבער עס מאַכט נישט אויס, דאָ צווישן דער חברה איז פאַראַן אַ תלמיד פון דער מונקאַטשער העברעאישער גימנאַזיע וועלן מיר זיך צונויפרעדן.

מיין מוקאַטשעווער גימנאַזיסט, אַ מוסקולעזער בחור מיט שוואַרץ־געקרייזלטע האָר, רעדט אַ פיינעם העברעאיש, און גיט מיר אויפקלערונגען איבערן וואַסער־ספאָרט, וועלכער ווערט דאָ אין לאַנד זייער שטאַרק באַטריבן און ספעציעל אין די שטעט פון וואַנען עס פליסן אַרויס די שטאַרקע שטראָמען — ווי דאָס איז דער פאַל מיט טשעסקאַ־בודעיאָוויצע, דאָס שטעטל וואו מיר געפינען זיך און וואו עס הויבט זיך אָן דער פלוס וואָלטאַווא.

מיין מונקאַטשער בחור איז אַ באַגייסטערטער וואַסער־ספאָרטלער. ער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן כדי מיר צו דער־ציילן די אויפטועכצן פון זיין לאַנד אויף דעם דאָזיקן ספאָרט־געביט פונם קאַנאַדישן „קאַנאַ” ביזן אינדיאַנישן צוזאַמענגלייגבאַרן

קאַיאַק. ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך אויף די טשעכאָסלאָ־וואַקישע טייכן אַרום 3000 אַזעלכע שיפלעך.

רעדנדיק, קומען מיר אָן צום עק פון אַ ווערדל, פון וואַנען עס פליסט אַרויס די „וואָלטאַוואַ" אין לויטערע, רייסנ־דיקע שטראָמען, געשלאָסן דורך שלויזן. צענדליקער יונגעלייט אויף שיפלעך, לאָזן זיך פרייוויליק טראָגן פון די רייסנדיקע שטראָמען, פון דער דאָ געבוירענער „וואָלטאַוואַ" אין דער ווייטער אומבאַקאַנטקייט.

די טשעכאָסלאָוואַקן געהערן נישט צו יענער קאַטעגאָריע, וועלכע האָבן אַן אייגענעם האַפן. זי מוז זיך באַגניגנען, אויפן ים, מיט אַ שטיקל קאָנצעסיע אין האַמבורגער האַפן. נישט געווען וואו פאַר איר צו מאַכן אַ קאָרידאָר...

דערפאַר האָט די טשעכאָסלאָוואַקיי אַ שטאַרק אַנטוויקלטן פלוס־שיף־פאַרקער, אַ זייער גוטן יאַכטינג־קלוב אין פראָג אויף די ברעגעס פון דער מאָלדאווא, מיט אפצווייגונגען אין אַלע שטעט און ספּאָרט־פלעצער וואו וואַסער פליסט.

מיין מכבי'סט איז קענטיק צופרידן צו האָבן פאַר זיך אַזאַ גוטן צוהערער און ער גיט מיר ווייטער, זייער אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציעס, איבערן טשעכאָסלאָוואַקישן וואַסער־ספּאָרט און וואַסער־טראַנספּאָרט.

אויף די 190 קילאָמ. צווישן טשעסקאַ־בודעיאָוויצע זענען פאַראַן נישט ווייניקער ווי 35 שלויזן (וואַסער באַראַזשן).

דער דאָזיקער וועג באַשטייט פון אומגעפער אַ העלפט וועלדער (80 קילאָמ.) און אויף אומגעפער 35 קילאָמ. פאָרט מען מיט שטאַרק־שטראָם. דעס וועג אַרויף מאַכט מען אָדער מיט דעם שנעל־צוג אָדער אין שיפל צוגעבונדן צו איינעם פון די שטאַרקע „שלאָפּערס" און — גיט מיר מיין מכבי'סט אַן עצה — פאָרט למען השם נישט אַליין און נעמט מיט זיך אַ וועג־ווייזער.

ער קען אַ פּנים נישט מיינע ספּאָרטלעכע קוואַליטעטן, ווייל אויב נישט, וואָלט ער געוואוסט, אַז איך פאָר הן אַרויף אַזוי גוט ווי אַראָפּ מיט דער באַן... עס איז זיכערער.

איך האָב נאָך אין יענעם טאָג געלערנט זייער אַ סך פאַר מיר אומבאַקאַנטע פאַך־קענטעגישן פון וואַסער־ספאָרט, אָבער, ווי האָט געזאָגט מאָטקע חבד ?

פון אַלע חזנים האָט ער אַמליבסטן דעם ספּראַווניקס ווייב...

און איך האָב פון אַלע וואַסערן, דאָך ליבער דעם שלאָף־וואַגאָן...



# ברין

אַמאָל האָט די שטאָט געהייסן פּרין (מיט צוויי נונען), היינט האָבן איר די טשעכן צוריקגעגעבן איר אָריגינאַל־נאָמען ברנאָ. אָבער די גוטע טשעכאָסלאָוואַקן וועלן מיר דאָ מוחל זיין, ווען איך וועל זיך דאָ באַנוצן מיט דעם אויסדרוק, וועלכער איז לייכטער פאַר אונזער צונג: ברין, קיינער האָפנטלעך, וועט מיך נישט חושד זיין אין נ'אַרישע פּניות.

אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, האָט ברין געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל הן אין דער יידישער און הן אין דער אַלגעמיינער געשיכטע. דאָ האָבן זיך אויסגעשפּילט פּאָליטישע און קולטורעלע מלחמות פון אַ גרויסן וועלט־מאַסשטאַב. גענוג דאַכט זיך צו דערמאַנען די אַנטשיידנדיקע שלאַכט ביי אויסטערליץ, צווישן נאַפּאָלעאָנען און דער הייליקער אַליאַנס: עסטרייך און רוסלאַנד, ביי וועלכער עס איז דאַמאָלס אַנטשידן געוואָרן דער גורל פון אייראָפּע. נאָך היינט, אַז איר קומט אָן קיין ברין, ראַט מען אייך צו באַזוכן אויסטערליץ, אָדער ווי די טשעכן רופן עס אָן: סלאַווקאוו. — דאָס דאָרף, וועלכעס געפינט זיך בשכנות פון ברין איז באַשטימט קלענער פון פּאַריזער וואָקזאַל, וועלכער רופט זיך אויפן זעלבן נאָמען, און אויסער דעם פרידנס־מאָנומענט, וועלכער שטייט דאָרט, זענען נאַטירלעך קיין אַנדערע וויכטיקע סימנים פון יענער היסטאָרישער עפּאָכע נישטאָ. דערפאַר אָבער קריגט איר דאָרט אַ בוך אין וואָס פאַר אַ שפּראַך איר ווילט, מיט דער באַשרייבונג פון דער גרויסער פעלקער־שלאַכט.

אַן אַנדער זעענסווירדיקייט אין דער געגנט פון ברין, זענען די באַרימטע אונטערערדישע „פּונקוואַ היילן״, וואו איר פאָרט אַריין אין אַ טיפעניש פון איבער 140 מעטער אונטערן באַרג און אַן אונטערערדישן טייך, אָדער איר שפּאַצירט צווישן פאַנטאַסטישע זיילן, נישט פון קיין מענשנס האַנט געשאַפן און איר זעט אין אָט די אונטערערדישע נאַטור־קונסט־געביידעס אייער אייגענע אונמעכטיקייט.

אין דער יידישער געגנט אין ברין, ווייזט מען מיר אָן אויף אַ הויז, וואו עס האָט געוואוינט דער טרויריק־באַ־רימטער סעקטן־פירער און שפּעטערדיקער משומד יעקב פראַנק. אַ פּאָר שריט ווייטער האָט ער געהאַט אַ „בית־המדרש״, וואו זיינע אָנהענגער פלעגן יעדן פרייטיק צו נאַכטס זיך אַוועקלאָזן אין אַ ווילדן אָרגיע־טאַנץ זינגענדיק „לכה דודי לקראת כלה״... צו דער ראַפינירטער שיינער עוואַ פראַנק, וועלכע איז דאָ געשטאַנען מוטער נאַקעט פאַרן ארון הקודש... אינמיטן דער דאָזיקער וואַקכאַנאַליע.

אָבער דאָס איז געווען מיט הונדערטער יאָר צוריק און איך ווייס נישט צי עס געפינען זיך אין ברין אַ סך יידן, וואָס קענען די דאָזיקע געשיכטע. היינטיקע ברינער יידן האָבן וויכטיקערע באַשעפטיקונגען ווי פראַנקיזם. היינטיקע יידן אין ברין האָבן גרויסע קאָנפעקציע־געשעפטן אויף דער צייל און נעמען אַ לעבהאַפטן אנטייל אין דער באַרימטער ברינער טעקסטיל־אינדוסטרי, ווייל ברין איז ביי היינטיקן טאָג איינע פון די וויכטיקסטע טעקסטיל־צענטערס אין מיטל־אייראָפּע און ברי־נער סחורות זענען באַרימט און ווערן עקספּאָרטירט אַזש ביז זיד־אַמעריקע און דאָס דערפאַר, ווייל די קוואַליטעט פון ברינער קאַמגאַרנס איז נישט ערגער פון די סחורות פון מאַנטשעסטער און אַ סך בעסער פון די כעמניצער. מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן אַ ברינער שטאָף־פאַבריק און צו באַוואונדערן די מאָדערנע איינריכטונגען פון דער שפּינעריי ביזן מעכאַנישן וועבשטול, וועלכער אַרבעט אויס די סאַמע איידלסטע געוועבן (פאַר אַ קוריאָז דערציילט מען מיר, אַז געוויסע סאָרטן סחורות

ווערן פון ברין געפירט קיין ענגלאַנד, כדי דאָרט צו באַקומען אַן ענגלישן סטעמפל, וועלכער איז אַ סגולה ביים פאַרקויפן די סחורה).

ברין פאַרמאָגט צוויי יידישע קהילות, אָדער בעסער; אַ איזראַעליטישע, פון די איינגעבוירענע יידן און אַ יידישע, פון די צוגעוואַנדערטע פון די סלאָוואַקישע און גאַליציאַנער ־ידן. דער חילוק צווישן דיביידע איז, וואָס די ערשטע די איזראַעליטישע זענען רייכער און דאַוונען ווייניקער, און די צווייטע, אונזערע יידן, זענען נישט אַזוי רייך, דערפאַר אָבער זענען זייערע דיפלאָמאַטישע באַציונגען מיט מלכותא דרקיע אַ סך בעסערע.



ברנאָ (ברין)

אין ברין אָבער בסך הכל זענען פאַראַן יידן, אָבער נישט קיין יידישקייט.

אין די 250 פאַבריקן אומגעפער פון אַלע אינדוסטריעלע בראַנזשן, וועלכע ברין פאַרמאָגט, זענען יידן שטאַרק באַטייליקט.



ברין, אויסשטעלונגס־פלאַץ

אָבער על פּי רוב אַלס מיט־אינהאַבער, סוחרים און פאַרמיט־לער. דאַגעגן פון די 20000 אַרבעטער איז נאָר אַ שיטערער פּראָצענט — יידן.

די ספּעציאַליטעטן פון ברין זענען קודם־כּל די אויבנ־דערמאָנטע שטאָפן, וועלכע אַ סך מענטשן האַלטן פאַר ענגלישע. אויסער דעם פאַרמאָגט ברין געוויסע ספּעציעלע אויסאַרבעטונגען ווי למשל: אסטראקאַן־פּלוש, אימיטאַציע־פּלוש, אימיטאַציע־פּעלץ, טאַפּעטן, און מעבל־שטאָף.

אין ברין געפינט זיך אויך די מאָדערנסטע צענטראַל־הייץ אנלאַגע אין דער וועלט. דאָס איז אַ ריזיקע פאַבריק, וועלכע שטעלט צו דאַמף־הייצונג פאַר דער גאנצער שטאָט און דאַמף־ענערגיע פאַר א גרויסן טייל פאַבריקן אין שטאָט און אומגעגענד. אַן אינזשיניער פון דער דאָזיקער הייץ פאַבריק האָט מיר אַפילו דערקלערט מיט וויפל אַטמאָספערן און וויפל גראַדן מיט קאַלאָריעס (און נאָך אַזעלכע תּרגום ווערטער) די פאַבריק אַרבעט, אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר פאַך־לייט. פאַר

מיר איז קלאָר נאָר איין זאַך: אז מען וואוינט אין ברין איז מען פטור צו הייצן די חרובֿע און אַז מען האָט בדעה צו מאַכן אַ פאַבריקל קען מען זיך לאָזן אַריינציען דאַמף־ענערגיע, וועלכע אַרבעט ביליקער פאַר עלעקטריע.

אויסער דעם איז ברין אַ פיינע שטאָט מיט אַ וואונדער־באַרן פאַרק אויפן „שפּיל באַרג" מיט פיינע, גרויסע מאַגאַזינען און אַ סך פיש רעסטאָראַנען (אין ברין ווערט געגעסן אַ מאַסע פיש און עס ווערט דאָ געטריבן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע דערפאַר). מיט אַ שיינעם שטאָט־טעאַטער און אַ פיינעם וואָקזאַל, וועלכער רוט נישט טאָג און נאַכט און אַז עס ווערט אייך סקוטשנע קענט איר, צו יעדער צייט, נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און אַוועק וואו די אויגן וועלן אייך טראָגן.

* * *



ברין, דער לאַנדטאַג. (פּראָווינץ־פּאַרלאַמענט פאַר מערן־שלעזיע)

אַרום בּרין זענען צוזייט אַ גאַנצע ריי קלענערע אינדוסטרי־שטעטלעך, און אין אַלע זענען פאַראַן יידן, וואו מער און וואו ווייניקער, יעדעס שטעטל האָט זיך זיין אייגנאַרטיקייט, — אַזוי למשל, געפינט זיך אין שטעטל פערליץ אַ גאַנצער שטאָט־טייל מיטן נאָמען הערצל־פערטל. די איינוואוינער פון יענער שטאָט פּרע־טענדירן, אַז דר. הערצל שטאַמט פון דאָרט און טאַקע דערי־פאַר אפשר איז אַ גרויסער טייל פון די 60 יידישע משפחות פון שטעטל ציוניסטיש איינגעשטעלט... די דאָזיקע השערות שטימען, לויט מיין מיינונג, נישט אין גאַנצן. מחמת אויב מיר זאָלן אַרויסגיין פון דער דאָזיקער הנחה, דאַרף דאָך דאָס אַסימילאַטאָרישע בודאַפּעסט זיין אַ ציוניסטישע פעסטונג, ווייל דר. הערצל איז דאָרט געבּוירן — אָבער דאָס געהערט זיך לגמרי נישט אָן מיט אונזער טשעכאָסלאָוואַקישער נסיעה.

עס וואָלט געווען געוואַגט, צו פּרעטענדירן באַשרייבּן, נאָר אפילו אַ קליינעם טייל פון מאָראַוויע, דאָס היסטאָרישע לאַנד פאַר די טשעכן אזוי גוט ווי פאַר אונז יידן — צו ענג איז דאָ דער פּלאַץ. מאָראַוויע, וואו יעדעס שטעטל, יעדעס דאָרף, האָט צו דערציילן איר אייגענע געשיכטע — מיר וועלן דעריבּער פּרובּן אַרויסנעמען איינצעלע בּלעטער פון דער פאַרגאַנגנהייט און קעגנוואַרט פון דער דאָזיקער מדינה.

מאָראַוויע, אָדער מערן, דער אַמאָליקער רעזערוואואַר פון יידישקייט פאַרן גאַנצן מזרח און מערב, איז מיט דער צייט שטאַרק געוואַקסן, עקאָנאָמיש זיך אַנטוויקלט, אָבער אין יידישקייט איז עס נישט מער ווי דער שאָטן פון אַ שיינער פאַרגאַנגנהייט.

אין 17־טן יאָרהונדערט האָבּן יידן נאָך אין מאָראַוויען געצאָלט קאָפּ־שטייער, כשר־וויין־שטייער און ליכט־שטייער צו די עסטרייכישע מאַרגראַפן, ווי דאָס זאָגן עדות די אַלט־פאַר־

געלטע קהלה־פנקסים פון ברזעצלאַוו, קאָסטל פון טרעביטש און פּראַסניץ, און אַנדערע קהלות קדישות פון לאַנד מערן.

אָבער אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן נייע ווינטן געבלאָזן אין אייראָפּע און די ערשטע צווישן יידן, וועלכע האָבן פּראָפיטירט פון אַלעם פרייען און ליבעראַלן, זענען געווען די מערישע יידן. זייערע קהלות זענען אַנערקענט געוואָרן אַלס פּאָליטיש־רעכטלעכע געמיינדעס, מיט דער פּריווי־ליגיע אפילו צו געבן די בירגערשאַפטס־רעכט פאַר אַ צוגע־רייזטן ייד, ווי מיר וועלן דאָ ווייטער שילדערן.

די יידישע געמיינדן אין אַמאָליקן מערן, האָבן געהאַט אייגענע פּאָליציי, אייגענע שטייער־אַמטן מיט טעריטאָריאַלע רעכט פאַר דעם שטאָט־טייל, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דאָס יידן־פערטל.

אָבער צו וואָס שרייבן אַבסטראַקטע זאַכן, לאָמיר צוזאַ־מען אַריבערפאָרן אין שטעטל פּראַסניץ. איינס פון די לעצטע פעסטונגען פון אַלט־מערישן יידנטום, היינט די אַממייסטן ציוניסטישע שטאָט פון דער גאַנצער רעפּובליק. לאָמיר פאַר־ברענגען דאָרטן צוזאַמען אַ טאָג און מיר וועלן באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם גאַנצן לאַנד. אגב איז דאָס דאָזיקע שטעטל אַ חוץ יידישקייט אינטערעסאַנט פאַר זיך, עס איז די רעפּובליק פון שניידערס, פּונקט ווי זלין, דאָס קעניגרייך פון די שוסטערס.

מיר לעבן אין אַ סטאַנדאַריזירטער צייט. אַלץ, מיט וואָס מיר קומען אין באַרירונג, אַלע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, וועלכע מיר נעמען טאָג־טעגלעך אין האַנט אַריין איז סטאַנדאַריזירט, ווי דער אוניפאָרם פון סאָלדאַטן אינם זעלבן רעגימענט.

אין רעסטאָראַן עסט יעדער דאָס זעלבע מענו פאַרן זעלבן פּרייז; דער קינאָ־באַזוכער פון שאַנגהאַי זעט דאָס זעלבע וואָס זיין פריינט אין שניפּעשאָק. אָפּגערעט פונם ראַדיאָ־צוהערער, וועמען דער ערשטער פאַרייניקט פון וולאַדיוואָסטאָק ביז ניו־יאָרק.

אויך דאָס אינדיווידועלע איז אין אונזערע צייטן סטאַנ־דאַריזירט. אייער מאַנטל, אייער אַנצוג, ביזן העמד, אַלץ איז פאַבריצירט אין מאַסן, ווי מיר האָבן עס נאָר־וואָס געזען אין זלין מיט די שיך און, ווי מיר וועלן זיך דאָ באַלד באַקענען אויף אַנאַדער געביט.

איך האָב אָנגערופן זלין קעניגרייך און האַלט זיך דערביי, אַז פּראַסניץ איז אַ רעפּובליק. מעגלעך דערפאַר, וואָס אין פּראַסניץ זענען יידן מער פאַרטראָטן אין דער ספּעציפיש־יידישער נאָדל־אינדוסטרי און יידן האָבן דאָך בטבע ליב דעמאָקראַטיע, און אפשר איז פאַראַן איין געביט אין אונזער מעכאַניזירטן לעבן, וועלכעס איז און וועט תמיד בלייבן אינדיווידועל? – אונזער קליידונג, דער פּאַנצער, וואָס באַשיצט אונז קעגן דער איינפאַרביקייט און איינטאָניקייט, – דער אינדיווידועלער אויסערלעכער לבוש, וועלכן מען האָט שוין אין תלמוד אָנגע־רופן' מכבדותא.

אבער, געגוג מיט פילאָזאָפיעס, פּראַסניץ איז דער באַקליי־דונגס צענטער נישט בלויז פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רע־פּובליק, נאָר ליפערט אויך, אויף וויפל די קאָנטיגענטן דערלויבן דאָס, קיין אויסלאַנד.

אָבער שניידעריי לאָזט זיך שווער סטאַנדאַריזירן. אמת עס זענען פאַראַן עטלעכע פאַבריקן, וועלכע האָבן, טיילווייז דעם באַרימטען לויפנדיקן באנד, אבער דער גרעסטער טייל, אַרבעט אויף אזא אויפן, אַז די סחורה ווערט אויסקאַלקולירט און צו־געשניטן אין דער פאַבריק און אַוועקגעגעבן אַ היים צום אַרבעטן. דערפאַר איז אין פּראסניץ פּאַקטיש נישט פאַראַן קיין הויז וואו עס וואוינען נישט עטלעכע, אָדער ווייניקסטנס איין שניידער.

ווי שוין אויבן דערמאָנט, זענען אידן שטאַרק פאַרטראָטן אין דער דאָזיקער יידישלעכער אינדוסטרי.

איינע פון די גרעסטע פאַבריקן אין פּראַסניץ געהערט צו די ברידער זבאַראַוויץ. ציוניסטן פון אַלטע שאַטירונגען, און דאָרט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר שעה כדי צו פאַרפולקאָמען מיינע מאָגערע ידיעות אין שניידעריי. קיין סך

האָב איך דאָרט פון דעם שניידערישן פאַך נישט געלערנט, איבער־הויפּט, אַז די פאַבריק געהערט שוין צו דעם טייל מאָדערניזירטע.

אָבער איך האָב דאָרטן געטראָפן אַ 15 יונגע בחורים, חלוצים אויף הכשרה, וועלכע וועלן אפשר אַמאָל זיין די ווערק־מייסטערס פון אונזער נאַציאָנאַלער באַקליידונגס־אינדוסטרי אין ארץ־ישראל.

די בחורים און מיידלעך זענען באַגייסטערטע אָנהענגער, קודם־כל פון ארץ־ישראל און דאַן, אין דער זעלבער צייט, פון מאָדערנער טעכניק.

— וואָס רעכנסטו טאָן אין ארץ־ישראל? האָב איך געפרעגט אַ 17 יעריקן חלוץ פון דער סלאָוואַקיי.

מיין בחור'עץ האָט פאַרלאָשן דאָס עלעקטרישע פרעס־אייזן, גלייכגעלייגט אַ האַלבן סאַמעטענעם הויז, וואָס ווערט עקספּאָר־טירט אין די קאַלטע מקומות און מיר געענטפערט מיט זיכער־קייט: אַ רעוואָלוציע וועלן מיר מאַכן מיט דער באַקליידונגס־אינדוסטרי אין ארץ־ישראל.

אָבער, האָב איך ביי זיך געטראַכט, גיב אַכטונג יונגער פריינט אַז די „רעוואָלוציע" זאָל דיך אַליין נישט אַרויסזעצען אין מיטן גאַס.

אים אַליין האב איך אָבער צוגעשמייכלט, אַודאי ליבער פריינט, אַודאי, דו ביזט יונג, האָסט ענטוזיאַזם און אידעאַליזם, מאַך רעוואָלוציעס, אַרבעט־איבער אונזער לעבן.

נישט קיין חילוק צי וועט ער אין ארץ־ישראל מאַכן אַ רעוואָלוציע אָדער נישט, פאַר מיר איז גענוג די רעוואָלוציע אין זיין טאַטנס מוח, וועלכער אַנשטאַט פון אים צו מאַכן אַ קרעמער אָדער אים געבן אַן אינטעליגענטישע פּראָפעסיע, שיקט אים אויף הכשרה ווערן אַ מאַשין שניידער. די צו לאַנגע פליגלען וועט אים די האַרטע ווירקלעכקייט שוין במילא אונ־טערהאַקן.

אין אָוונט, האָב איך שפּאַצירט, מיט איינעם פון די ברידער אין די שמאָלע געסלעך פון דעם אַלטן געטאָ. יידן האָבן זיך שוין לאַנג אַרויסגעצויגן פון דאַנען אין די ברייטערע גאַסן פון דער שטאָט. אין די ווינקלען פון דער אונטערשטאָט.



דאָס ראָמאַנטישע שטעטל פּראָסטיעיעוו (פּראסניץ)
די „רעפּובליק פון די שניידערס".

דאָ זענען נאָר געבליבן די אָרימסטע פון די אָרימע און עט-
לעכע קהלהישע אינסטיטוציעס, וועלכע פאַרנעמען היינט מער
פּלאַץ ווי אַמאָליקע יאָרן, 25 משפחות צוזאַמען.

אין שיין פון דער לבנה שפּאַצירן מיר איבער די שמאָלע
געסלעך פון דער אַמאָליקער יידן-שטאָט, וועלכע, באַשרענקט אין
פּלאַץ איז געצוואונגען געווען, זיך אויסצובויען אין דער הויך.
אַזוי זענען אַנטשטאַנען משונה'דיקע קרום-קיילעכדיקע מינים
פון „וואָלקנקראַצערס". יעדער טאַטע, וואָס האָט חתונה געמאַכט אַ
טאָכטער האָט פאַר איר צוגעבויט אַ שטוב און דער סטיל איז תמיד
געווען אַן אַנדערער...

מיר האָבן, באַרימט זיך פאַר מיר מיין באַגלייטער, פאַר אַ
בירגער פון אונזער שטאָט, דעם נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם ציוני-
סטישן פירער, שמריהו לעווין.

— שמריהו לעווין, וואונדער איך זיך, איז דאָך געווען אַ

אַ רוסישער ייד, טאָ ווי קומט ער צו זיין אַ טשעכאָסלאָוואַקישער בירגער?

– אָט, שמייכלט הער ז., דאָס איז אַ לאַנגע מעשה, אָבער איך בין איצטער אין שטימונג, טאָ וועל איך עס אייך דערקלערן.

אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ וואו מיר שפּאַצירן יעצט, איז קורץ פּאַר מלחמה-ענדע געווען די יידישע געמיינדע פון פּראַסניץ, מיט אַלע רעכט און פליכטן פון אַ מוניציפּאַליטעט. די שמשים פון דער קהלה האָבן געטראָגן פּאָליצייסקע אוניפאָרמען און ווען אַ גוי האָט זיך אָנגעשיכורט אין שטאָט און איז אַהער אַנטלאָפן, האָט אים דער שטאָטישער פּאָליציאַנט נישט קיין רעכט געהאַט צו אַרע־סטירן אָן דער דערלויבעניש פון דער יידישער זיכערהייטס־מאַכט.

– איך האָב אייך נאָר דאָס דערציילט, זעצט פאָר הער ז., צוליב דעם, וואָס איר וואונדערט זיך ווי אַזוי איז שמריהו לצווין געוועזן אַ טשעכאָסלאָוואַקישער בירגער. שמריהו לצווין, איז אַהער געקומען אַלס אַנטלאָפענער פון רוסלאַנד און דאָ געהאַלטן איינע פון זיינע גייסטרייכע רעדעס, און די היגע קהלה איז געווען גליקליך אים אָפּצודינען דערמיט, וואָס זי האָט אים אויפגענומען אַלס בירגער און במילא איז ער אויטאָמאַטיש געוואָרן אַ בירגער פון דער דאַ־מאָלסדיקער הערשענדיקער מלוכה, עסטרייך.

איצטער נאָך דעם ווידעראויפבוי פון דעם טשעכאָסלאָוואַקישן שטאַאַט, וואו אַלע נאַציאָנאַליטעטן, דאַרונטער אויך די יידן, האָבן באַקומען נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, זענען די דערמאָנטע פּריווילי־גיעס געוואָרן איבעריק.

דאָס שטעטל פּראַסניץ, איז אפשר די גאַנצע הונדערט פּראָ־צענט ציוניסטישע אַ דאַנק שמריהו לצווין, וועלכער, אַלס בירגער פון זיין נייער היימאַט, האָט איר זייער אָפט באַזוכט. פּראַסניץ גיט נאָך ביי היינטיקע קריזיס צייטן די גרעסטע סומעס אויף אַלע ציוניסטישע פאָנדן. אַ חוץ דעם, וואָס זי האָט פּראַכטפולע סאָציאַלע אינסטיטוציעס, ספּאָרט-פּלעצער, שולן א. א. איינריכטונגען, עס איז אפשר כדאי צו דערציילן, כדי אַמבולטסטן צו אילוסטרירן דעם וואויל־שטאַנד פון שטעטל, אַז די זקנים אינם אייגענעם מושב-זקנים באַקומען, אַ

חוץ צו עסן טרינקען, שלאָפן, ראַדיאָ־הערן אויך עטלעכע קראָנען אַ טאָג, טאַשן־געלט.

לאַנג האָב איך נאָך שפּאַצירט און פאַרבראַכט מיט דעם ליבנסווירדיקן הער ז., וועלכער איז אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ פון טשעכאָסלאָוואַקיי, און וועלכער איז איבערצייגט, אַז סוף כּל סוף וועט דאָס גאַנצע טשעכאָסלאָוואַקישע יידנטום אָנהויבן צו דענקען ווי ער, נאַציאָנאַל־יידיש. ווייל אויב דאָס אַמאָליקע עסטרייך איז געווען פאַראינטערעסירט אין דער אַסימילאַציע פון די יידן, אַלס געגן־געוויכט צו די טשעכיש נאַציאָנאַלע שטרעמונגען, איז די טשעכאָסלאָוואַקישע רעגירונג להיפוך, ביי דער פעסטער איבערצייגונג, אַז נאָר אַ נאַציאָנאַל־דענקענדער מענטש איז בכוח צו זיין אַ לאָיאַלער בירגער פון דעם לאַנד וואו ער לעבט.

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, בעת מיר האָבן פאַרלאָזן די שמאָלע געסלעך פון אַלט־יידיש פּראַסניק. ווי האַרציקע אַלט־באַקאַנטע פריינט, האָבן מיר זיך געזעגנט אויפן קליינעם באַן־הויף, פון וואַנען אַ ראָמאַנטישע לאָקאַל־באַן, האָט אַוועקגעפירט אַ בענקענדיקן וואַנדערער, צו די געדיכטע יידישע צענטרן פון דער רעפּובליק.

אייגנטלעך איז דער טייל פון דער רעפּובליק, וועגן וועלכען מיר גייען איצט שרייבן אינטערעסאַנטער, ווייניקסטנס פון יידישן שטאַנד־פּונקט, ווייל דאָ געפינען זיך, אינטעליגענטיש אויסגעדריקט: „די ברייטע יידישע מאַסן".

אָט די דאָזיקע אַנדערע העלפט פון דער רעפּובליק, די סלאָוואַקיי, איז דער רעזערוואואַר פון יידנטום, פון יענעם טראַדיציאָנעלן יידנטום, וועלכעס מען טרעפט נאָך היינט אויף דער פּוילישער פּראָווינץ.



# צו מזרח

ווי אַ געצייכנטער דיאַגנאָז ציט זיך יידישקייט, אָנגעפּאַנגען פון דער טשעכישער גרענעץ, וואָס אַמאָל שטאַרקער און העכער.

פּראָג, ברין, מאָראַווסקאַ אָסטראַוואַ און וואָס ווייטער אַלץ בולט׳ער דאָס יידישקייט פון דער רעפּובליק.

מאָראַווסקאַ אָסטראַוואַ (מעריש אָסטראָ) איז איינע פון די גרעסטע וועלט־אינדוסטרי־צענטרען. ראָטשילדס פאַבריקן אין וויטקאָוויץ האָבן זיך נישט צו שעמען קעגן העפּ אָדער קרופּ אין דאָרטמונד אָדער עססען. דאָס שטערט אָבער נישט מעריש־אָסטראָ צו האָבן אַן אייגענע יידישלעכע ישיבה מיט באַבערדלטע און לאַנג פּאה׳דיקע ישיבה־בחורים. אייגענטלעך קומען די דאָזיקע בחורים פון פּוילן אָדער סלאָוואַקיי און זיי זענען נישט קיין געוויקסן פון די שלעזישע קוילן־מינעס, אָבער דאָ איז פאַראַן פּרנסה, טאָ פאַרוואָס נישט פאַרפלאַנצן אויך אַביסל גוט־יידישקייט?

מאָראַווסקאַ אָסטראַוואַ אָדער מעריש אָסטראָ ליגט אין צענטר פון שלעזישן קוילן־באַסיין, אין שכנות פון די נאַפט־גרובן פון גבעלי און איז נישט בלויז אַ מעטאַלורגישער צענטער פון דער רעפּובליק, נאָר אין געוויסן זין דער גרעסטער פון מזרח־אייראָפּאַ. אין מאָראַווסקאַ אָסטראַוואַ געפינט זיך, נאָך פּראָג, דער גרעסטער גאַז־אַנשטאַלט. אין דעם דאָזיקן מוראַשניק, האַרט צווישן די גרעניצן פון פּוילן און דייטשלאַנד, ווערט געאַרבעט אין משמרות, דריי שיכטן אין מעת־לעת און געאַרבעט ווערט נישט בלויז פאַרן אייגענעם געברויך, נאָר צום גרעסטן טייל פאַרן ווייטן אויסלאַנד.

אין מעריש אסטראָ זאָגט מען, איז אַן עברה זיך אָפּצו־וואַשן די הענט, עס איז דאָ פאַראַן אַזויפיל רויך און קוילן־שטויב, פון די פאַבריקן, וועלכע נעמען דאָ אַרום די שטאָט ווי אַן איי־



ראָטשילדס פאַבריקן אין וויטקאָוויץ (ביי מעריש-אָסטראָ)

זערנער רינג, אַז עס וועט אייך גאָרנישט העלפן, איר וואַשט זיך אָפּ די הענט און גייט אַרויס אויף 10 מינוט אין גאַס און איר דאַרפט זיך שוין ווייטער וואַשן.

די שטאָט איז פּערהעלטניסמעסיק נישט קיין גרויסע, אָבער די אומגעבונג, די אַרבעטער-שטעטלעך און קאָלאָניעס, אַז מען זאָל זיי צוזאַמענציילן, וועלן מיר באַלד האָבן דעם רעכנונג פון דער פּראָגער באַפעלקערונג.

די שטאָט אַליין, אָפּגעזען פון איר אינדוסטריעלער וויכטי־קייט און כאַראַקטער, באַהאַלט נאָך אין זיך, אין אינערן טייל די ראָמאַנטישקייט פון דעם אַמאָליקן שלעזיען, דאָס לאַנד, אויף וועלכן אַ באַרימטע בעמישע קעניגן האָט זיך אויסגעדריקט: — אָ שלעזיען דו ביזט מיט גאָלדענע בוכשטאַבן איינגעקריצט אין מיין האַרץ.

איר קומט נאָר אַרויס פון די הויפּט-גאַסן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ געמיש פון מאָדערנער בוי-קונסט אין רענעסאַנס־סטיל, פון געמיטלעך טשעכישע קאַפע-הייזער און ביר און וואורשט־



די באַרימטע אייזן-גיסעריי אין וויטקאָוויץ

האַלן לויטן פּרייסישן סטיל און אין גאַנצן הונדערט מעטער וויי-
טער, שטייט איר אין דער פּיוואָוואַרסקא, אָדער אויפן אַלטן מאַרק,
און קענט ביי זיך נישט פועלן, אַז דאָ געפינט איר זיך אין אינ-
דוסטריעלן מאָראַווסקא אסטראַווא. רואיק איז עס דאָ און די
מענטשן אין די קליינע קרעמלעך זיצן ווי פאַרגעסענע. מען זאָגט,
אַז שבת נאָכמיטאָג קען מען דאָ די גאַס נישט דורכגיין, ווייל
דאָ קומען אַהער די אַרבעטער מיט זייער וואָכן-לוין, זיך באַזאָרגן
מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן נויטיק פאַר דער וואָך. זייער אָפט האָב
איך דאָ געהערט דעם צוצויגענעם גאַליציאַנער יידיש, אויף אַ סך
פון די קרעמלעך איז אַ מזוזה אָנגעשלאָגן.

איך האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט איינעם אַזאַ קרעמער.
פרנסה, זאָגט ער, איז גאָט צו דאַנקען פאַראַן, אָבער די שטיינער
זענען דאָ טריף...

איך האָב זיך אָבער איבערצייגט פון דעם קעגנטייל. אין
גרויסן יידישן רעסטאָראַן, האָב איך אָנגעטראָפן יידן פון אַלע
טיילן פון דער רעפּובליק, וועלכע קומען אַהער וועכנטלעך מאַכן

ווייטרע געשעפטן. דער רעסטאָראַטאָר האָט זיך אויך באַקלאָגט אויף דער טריפה׳קייט, אָבער איך קען מיר נישט העלפן, די טישן זענען געווען באַזעצט מיט באַבערדלטע יידן און מאָדערנע סלאָוואַקישע אָרטאָדאָקסן אָן בערד, מען האָט גערעדט פון קוילן און אייזן און אַנדערע גוישקע זאַכן, און דאַביי זיך דערקוויקט דאָס האַרץ מיט עכטע יידישע קאַרפּן און געבראָטענע פּופּיקלעך.

וואָס קלאָגט איר זיך, האָב איך אייגעטענה׳ט מיטן רעסטאָראַטאָר. עס איז דאָך דאָ ארץ-ישראל, זעט ווי די אַלע יידן קומען אַהער כשר עסן.

— יאָ, אָבער ווען איר וואָלט וויסן וויפיל רעפּרעזענטאַנטן און קאָמיוואָיאַזשאָרן יידישע עס עסן אין די נישט יידישע רעסטאָראַנען...

אַ מאָדנע פאָלק יידן, ער אַליין האָט קיין פּלאַץ נישט, אָבער אים פאַרדריסט, וואָס יידן עסן טריפה...

אין וויטקאָוויץ, ווי שוין דערמאָנט, געפינען זיך ראָטשילדס פאַבריקן, אָבער איך ווייס אייך זאָגן דעם אמת, זיי האָבן מיר אַזויפיל אינטערעסירט וויפל דער דאָזיקער ראָטשילד אינטערעסירט זיך מיט יידישקייט. מען האָט מיר דערציילט, אַז ער פאַרמאָגט דאָ אין דער געגענט גרויסע אייגענטימער און קומט חנוכה-צייט אַהער אויף יאַגד. דער יידישער רעסטאָראַטאָר איז אויף אים אין כעס, פאַרוואָס ער ווייזט זיך נישט אַמאָל ביי אים אין אכסניה, און די ציוניסטן פאַרדריסט, פאַרוואָס ער גיט קיין געלט נישט. מילא מוזן דען אַלע ראָטשילדס געבן געלט?

אָבער דער עיקר מעריש אסטרא, אָדער מאָראווסקא אסטראַווא, איז נאָך איינע פון יענע מקומות אויף אונזער נאַרישער וועלט, וואו עס איז פאַראַן פרנסה, וואו פאַבריקן אַרבעטן, און מען קען דער דאָזיקער טריפה׳נער שטאָט מוחל-זיין אַלע איבעריקע חטאים.



* * *

אַ ביסל אָפּגעלעגן אין אַ זייט, געפינט זיך דאָס שטעטל באָהומין, אַמאָל אין עסטרייכס צייטן איז דאָס געווען דער גרעס־טער באַן־קנופּ פון מזרח־אייראָפּע. באָהומינער באַן־הויף האָט קיינמאָל נישט גערוט. היינט איז דער דאָזיקער ווינקל אויך גענוג באַלעבט, אָבער נישטאָ שוין די אַמאָליקע גוטע יאָרן, ווען מען האָט דעם אינטערנאַציאָנאַלן צוג באַגעגנט מיט מוזיק־אָרקעסטער, וואו אַ גאַנצער עקסקאַדראָן קעלנער, בראש מיט דעם באַרימטן יידישן רעסטאָראַטאָר, האָבן אָפּגעוואַרט דעם צוג מיט פּאַראַד און יעדער אָנשטענדיקער רייזנדער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו דערצעלן פון זיינע איבערלעבענישן אין באָהומין... (דאַמאָלס אדערבערג). די מענטאַליטעט פון די יידן אין יענער געגנט איז פאַר אונז אַ ביסל אומפאַרשטענדלעך. שבת בין איך געווען אין אדערבערג און אָנגעטראָפן אין שול כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן און שבת־צונאַכטס האָב איך געטראָפן דעם זעלבן פּרעזידענט פון דער יידישער קהלה, וואָס האָט מיט עטלעכע שעה צוריק פאַרטיילט עליות, אַוועקפאָרן מיט אַ ביקס אויף די פּלייצעס אין זיינע גיטער אויף אַ יאַגד־פּאַרטיע.

אַ סך קוריאָזן האָט די וועלט־פאַרטיילונג נאָך דער מלחמה פאַר אונז געלאָזן. איינע פון די אינטערעסאַנטסטע איז בלי ספק דאָס שטעטל טעשן. בכלל איז יענע געגענט פול געווען מיט גרע־נעצן; לינקס, די דייטשע גרענעץ און רעכטס די פּוילישע. דאָס שטעטל טעשן אָבער איז צוטיילט אויף צוויי חלקים. די פּוילישע זייט הייסט טשעשין פּאָלסקי און די טשעכישע הייסט טשעסקי טיעשין.

איצטער זענען די צושטאַנדן אַ ביסל נאָרמאַליזירט, אָבער דאָך זענען פאַראַן אַזעלכע טשעקאַווע קוריאָזן, ווי דער טאַטע אַ פּאָליאַק און דער זון אַ טשעך, אָדער פאַרקערט, קענען זיך נישט זען יעדן טאָג ווייל דער גרענעץ פּאַפּיר־שיין איז גילטיק נאָר אייף דריי מאָל אין וואָך, הגם פון איינעם צום אַנדערן איז קוים אַ שפּאַציר פון דריי מינוט גאַנג אָדער ווייניקער.

קיין פוילישן פּאַסיר-שיין האָב איך גראָד נישט געהאַט און עס איז געווען זונטיק. אַריבערגיין איבערן גרענעץ האָט זיך גע־וואָלט. טאָ וואָס טוט מען? בין איך אַריין צום פוילישן גרענעץ-קאָמענדאַנט, אַ גוטמוטיקער גאַליציאַנער גוי און מיט אים פאַר-האַנדלט... אים איבערגעלאָזט מיין פּאַס אַלס משכון און מיט דער מיטהילף פון דער גאַראַנטיע פון אן אָרטיקן תושב האָט ער מיר דערלויבט אַריינצושפּאַצירן קיין „פוילן". לאַנג אָבער האָב איך אין פוילן, עס הייסט אין דער צווייטער העלפט טעשן נישט געהאַט וואָס צו פאַרברענגען און גלייך ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן בין איך אַוועק פון „טשעשין" קיין „טיעשין" וואו די וועלט איז אַ לעבעדיקע און אַ פריילעכע.

אגב קען מען נאָך 12 אַזייגער בכלל נישט אַריבערגיין די גרענעץ אָן שוועריקייטן.

אין טעשן אויף דער באַרימטער בריק איבער דער אשא, וועלכע טיילט אָפּ פוילן פון טשעכאָסלאָוואַקיי האָט זיך מיט עט-לעכע חדשים צוריק אָפּגעשפּילט פּאָלגענדיקע טראַגי-קאָמעדיע:

פוילן האָט אויסגעוויזן אַ יידן און אים טראַנספּאָרטירט איבער דער נאָענטער גרענעץ, איבער דער דערמאָנטער בריק. האָט אָבער די טשעכישע גרענעץ-וואַך דעם יידן נישט געוואָלט אַריינלאָזן. איז דער ייד נאַטירלעך צוריקגעגאַנגען צו דער פוילי-שער זייט. אויך די פּאָליאַקן האָבן געענטפערט מיטן גרויסן „לא". דער ייד איז געבליבן אויף דער „פרייער זאָנע" אין מיטן דער בריק צווישן פוילן און דער טשעכאָסלאָוואַקיי אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופן, וועלכע האָט מלחמה-צייט געטראָגן דעם נאָמען „נאָמענס-לענד" ד. ה. קיינעמס לאַנד.

איז דער ייד אַזוי אָפּגעזעסן 24 שעה אויף דער גרענעץ, גוטע מענטשן האָבן אים געברענגט צו עסן און מיט וואָס זיך צו-צודעקן — ביז איינס פון די לענדער האָט אים באַוויזן דעם חסד אריינצולאָזן צו זיך.

• • •

די סאַמע גרעסטע שטעט געפינען זיך ביים היינטיקן טאָג „בין המצרים“ אינם דאָפּלטן זין פון וואָרט. זיי געפינען זיך צווישן גרענעצן, וואָס זענען נישט אַלעמאָל קיין פריינטלעכע. פון איין זייט דאָס אַמאָליקע אונגאַרן צו ווען די סלאָוואַקן זענען יאָרהונדערטער געווען פאַרקנעכט און פון דער אַנדערער זייט פוילן, מיט וועלכער מען איז קיינמאָל נישט געווען שוה בשוה. אָט אין אַזאַ מצב לעבן די גרענעץ־שטעט איבער אַ שווערן קריזיס נישט האָבנדיק דאָס אַמאָליקע הינטערלאַנד מיט וועמען זיי האָבן צוזאַמען געאַרבעט און פון וואַנען זיי האָבן אַמאָל געצויגן די הויפּט־חיונה. פונדעסטוועגן צוליב דער אינ־דוסטריעלער שטאַרקייט פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי זען די דאָזיקע שטעט פון דעם זייט גרענעץ אויס אַ סך לייטישער ווי די זעלבע פון יענער זייט, אונגאַרן אָדער רומעניע, וואו די לאַגע איז אַ קאַטאַסטראָפאַלע. אַנטקעגן קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, וואו די גאַנצע יידישע אַזוי גוט ווי די נישט יידישע באַפעלקערונג, לעבט אין זייער שווערע באַדינגונגען איז דאָ דער אָנפאַנג פון סלאָוואַקיי נאָך גאָר ניש'קשה'דיק.

דער שנעל־צוג פּראָג־בוקאַרעסט, גייט דאָ עטלעכע מאָל אין טאָג פאַרביי. דאָ רופן זיי אים דער פּאַריזער צוג און אפשר נישט מיט אומרעכט, מחמת דאָס איז די הויפּט־שטרעקע אָדער איינע פון די הויפּט־שטרעקן, וועלכע פאַרבינדן מזרח מיט מערב־אייראָפּע.

מיר פאָרן איצטער אַריין אין דער סלאָוואַקישער קאַרפּאַטן־געגנט. אָט די דאָזיקע בערג־קייט, אויף וועלכער עס האָבן זיך, בעת דער גרויסער מלחמה, אָפּגעשפּילט בלוטיקע שלאַכטן צווישן די אַרמייען פון צוויי גרויסע אונטערגייענדע דינאַסטיעס; רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן און געוואונען האָבן, דאָס־מאָל מיט יושר, די יעניקע, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן פון ביידע זייטן פראָנט.

די קאַרפּאַטן זענען איצטער פאַרטיילט צווישן דריי לענדער: פוילן, רומעניע און טשעכאָסלאָוואַקיי. עס איז נאָך פאַראַן אַ פערט לאַנד, וועלכעס האָט צו די דאָזיקע בערג פּרעטענזיעס, אָבער צופרידן שטעלן אין גאַנצן קען מען נישט אַלע צדדים. די



די קאַרפּאַטן

איצטיקע פאַרטיילונג, איז אפשר, פון זייט יאַר־הונדערטער די געדערכטסטע, און עס ליגט אין קיינעמס אינטערעסן נישט, זיך צו פאַרטראַכטן אין די פּרעטענזיעס פון אַ קאָזאַק־הנגזל...

עס וועט מיר נ״שט שווער זיין, אויף אַ נודנעם „וויסנ־שאַפטליכן״ שטייגער, איבערגעבן די גענויע מאָס פון אַלע קאַרפּאַטן־בערג, וועלכע זענען צוגעפאַלן צו דער טשעכאָסלאָוואַקיי. איך וואָלט געקענט זאָגן, אַז די טאַטראַ האָט אויפ׳ן העכסטן פונקט, 2663 מעטער, אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. ציפערן זענען אינטערעסאַנט, פאַר זיך, אָבער זענען נישט בכוח אַרויס־צורופן דעם איינדרוק פון דער גראַנדיעזער דערשיינונג פון מעשה בראשית, וועלכע פאַרכאַפּט אייער אויג אַזוי גיך ווי איר דערנענטערט זיך צו דעם שיינעם ווינקל אויף גאָטס ערד.

נישט קיין חילוק, ווען איר פאָרט דאָ פאַרביי, זומער ווען די בערג זענען איינגעטונקט אין גרין, און וואו נישט וואו

ועט זיך דער שפיץ־דאַך פון אַ קאַרפּאַטישער פויערים־הייזל, אָדער אין מיטן באַרג הענגענדיק אַ לוקסוס־האָטעל, אַרומגערינגעלט מיט ספּאָרט־פּלעצער, אָפּגעריסן פון דער אַלגעמיינער לאַנדשאַפט, וואו אַן אַריינגעפּאַסט בילד.

נישט אומזיסט האָט די טשעכאָסלאָוואַקישע מלוכה אַריינגענומען אין איר עמבלעם אַן אָפּבילדונג פון די דריי קאַרפּאַטן־בערג.

דוכט זיך, אַז דער שענסטער טייל פון די קאַרפּאַטן, איז אַריינגעפאַלן צו דער טשעכאָסלאָוואַקיי. די הערלעכע סאַנאַטאָריומס, קור־ערטער, ווינטער־ספּאָרט־פּלעצער, מיניאַטור שלעסער, דאָס אַלץ געפינט זיך אין אַזאַ שפע, פאַרשפּרייט אין דער פרישער גרינקייט פון זומער, אָדער אין דער אומשולדיקער ווייסקייט אין ווינטערדיקן אָנבליק, אויסגעטיילט מיט אַזאַ ברייטער האַנט דורך דער הערלעכקייט פון דער נאַטור.

* *
*

אויך די יידן דאָ, זענען פון אַ גאַנץ ספּעציעלן סאָרט. אויף פּויליש־יידיש וואָלט דאָס געהייסן הסידיש־נגידיש אין געפּוצטע שטיוועלעך... די קאַרפּאַטן־יידן (נישט צו פאַרבייטן מיט פּאָדקאַרפּאַטסקאַ רוס) זענען פרום, אָבער צו גלייכער צייט איירָאָפּעאיש. וואָס שייך פּרנסה, קען מען זיי נאָך צוטיילן צו דער סעריע טשעכישע־יידן, אין דעם ווינקל פון דער רעפּובליק איז נאָך דערווייל דאָ פּרנסה.

אַ פּרייטיק אָוונד איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין שטעטל פּאָפּראַט, צופוסנס פון דער טאַטראַ, האָט דאָרט גראָד געשפּילט אַ יידיש טעאַטער. און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אויף דער פאָרשטעלונג, אָבער די קאַסע איז געווען געשלאָסן, מחמת די בילעטן האָט מען זיך איינגעקויפט פאַר שבת, כדי נישט צו קומען אין קאָנפליקט מיטן רבונו של עולם... אויף דער בינע האָט מען גראָד אויסגעפירט גאָלדפאַדענס אַ שטיק, בעת וועלכן עס קומט פאָר ווי אַ הדרת פּנימדיקער ייד מאַכט בריי טלעך קידוש אין סוכה. זענען די קאַרפּאַטן־יידן געזעסן



טאַטראַ (פּאָפּראַדסקע - פּלעסאָ)

אויסגעפוצט אין זייערע שבת׳דיקע בגדים, אין די פיינע זיידענע יאַרמולקעס אויף די קעפּ און מ־ט כוונה נאָכגעזאָגט ברוך הוא־ברוך־שמו, אמן, נאָך יעדער ברכה, וועלכע איז געפּאַלן פון דער בינע.. אָט אָ דאָס הייסט אַ קאָמפּראָמיס, אי דער וואָלף איז גאַנץ אי דעם שעפּס איז אויך גאָרנישט געשען. אַהיימגייענדיק פון טעאַטער האָבן זיך די פרום באַשייטלטע יידענעס, אגב שוין מאָדערן אָנגעטאָן ערנסט און פייערלעך געוואונשן אַ גוטן שבת...

אויף אַ פּאָר שעה שטעל איך זיך אָפּ אין די קליינע צירלענע שטעטלעך צופוסנס פון דער טאַטראַ, וועלכע טראָגן דעם סטעמפּל פון דער גערמאַנישער אינוואַזיע פון אַלטע צייטן.

לאַוואָצא, אַ פּראַכטפול טשעטל ווי ארויסגעשניטן פון מיטל־אַלטערלעכן פלאַנדריען, מיט זיינע ארקאדן און אַנטיקן־הייזער.

קעזמאַראָק, וועלכעס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ שווייצאַריש, אָדער בעסער, עסטרייכיש פּראָווינץ־שטעטל.

מיר פאָרן פאַרביי ספּיסקע־פּאָהראָדע, מיט דעם פּראַכטפולן שלאָס אויף אַ קליינעם בערגל, דער גרעסטער אין טשעכאָסלאָ־וואַקיי, וועלכער האָט געשפּילט אַ גוואַלדיקע ראָלע אין די מיטלאַלטערלעכע מלחמות, וועלכע האָבן זיך אויפגעוויקלט אויפן רוקן און צופוסנס פון די דאָזיקע בערג.

קיין איינציקע פון די שטעטלעך איז נישט לאַנגווייליק און יעדעס פון זיי האָט זיך זיין אייגנטימלעכן כאַראַקטער, זיין קאָלאָריט. פּרעשאָוו, די אַמאָליקע גרענעץ־שטאָט צווישן אונגאַרן און גאַליציען. באַרדאוו, מיט אַ טומלדיקן יידישן לעבן מיט חסידים און מתנגדים, ציוניסטן, רעוויזאָניסטן און אַנדערע איסטן מיט אַ רבי׳שן הויף, מיט אַ באַרימטע דרוקעריי, וואו סלאָוואַ־קישע רבנים דרוקן זייערע ספרים און ספרימ׳לעך.

און ענדלעך קאָשיצע.

קאָשיצע, דאָס אַמאָליקע קאַשאַאו, וועלכע איז געווען איינע פון די באַדייטנדסטע שטעט פון אַלטן אונגאַרן, איז היינט פאַרהעלטניסמעסיק איינגעשרומפּן. אָבער דאָך געבן יידן

זיך אַן עצה און ווער עס האָט נאָך אַלע אָנשטרענגונגען נישט קיין פרנסה אין דער היים האָט די מעגלעכקייט זי צו געפינען אין „וועסטן" ד. ה. אין די רייכערע מערב־פּראָווינצן פון דער רעפּובליק.



סינאַגאָגע אין מיהאַלאָווצע (מזרח - סלאָוואַקיי)

קאָשיצע האָט באַהאַלטן ביז היינט איר טיף פון אַ מזרח־יידישער שטאָט. אויף די גאַסן טרעפט איר יידן מיט קאַפּאָטעס און ברייטע סאַמעטענע קאַפּעלושן, יינגלעך מיט שיין־געקרייזלטע פּאה׳לעך מען רעט אַ ביסל אַ מאָדנעם, אָבער זער קערנדיקן יידיש. אין די ערשטע צייטן פון דער רעפּובליק האָבן די אָרטיקע יידן נאָך אַרויסגעוויזן סימפּאַטיעס צו זייערע אַמאָליקע מושלים, די אונגאַרן. ווייל, לאָמיר נישט לייקענען, אין יענע גוטע צייטן איז יידן אין דעם דאָזיקן לאַנד נישט געגאַנגען שלעכט און ווי דער שטייגער איז האָט מען זיך לייכט אַסימי־לירט און נישט בלויז דאָס פרייע, נאָר אויך דאָס רעליגיעזע יידנטום האָט זיך שטאַרק אָנגעשטעקט מיט דער אונגאַרישער קולטור, אין בתי מדרשים האָט מען גערעט אונגאַריש. היינט האָט זיך די לאַגע שטאַרק געענדערט. צו נאָנט ליגט דאָס לאַנד פון אַגרעסיוון אַנטיסעמיטיזם, כדי אַ מענטש, וואָס רופט זיך נאָך מיטן נאָמען ייד, זאָל מיט זיי סימפּאַטיזירן.

דער נאָרמאַלער אייזנבאַן־וועג פירט יעצט קיין סוב־קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. אָבער מיר בלייבן אַ ביסל אין אַ זייט, כדי אַרומצוקוקן, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך, דעם אַנדערן טייל פון דער סלאָוואַקיי. מיר פאָרן דאָסמאָל אין דער מעט־ראָפּאָליע פון דער סלאָוואַקיי, אין פּרעסבורג אָדער בראַטיסלאַ־וואַ. די שטאָט, וועלכע פּרעטענדירט (לויט נאָך דער לעגענדע) צו זיין די עלטסטע יידישע קהלה פון נאָכן חורבן, ווי מיר וועלן עס דאָ ווייטער באַשרייבן.

דריי נעמען האָט די שטאָט; בראַטיסלאַוואַ, דער היינטי־קער און אָפיציעלער נאָמען, פּרעסבורג, אין אַלגעמיין באַקאַנט און פּאַזשאַן, ווי די מאַדיאַרן רופן איר אויפן נאָמען פון דער רוימישער לעגיאָנען־קאָלאָניע פּאַזאַנו. יאָ, שיער נישט פאַרגעסן דעם אמת׳ן נאָמען ווי די סלאָוואַקישע יידן רופן איר אין זייער טשיקאַוון יידיש: פּרעשבאַרג, אָדער ריכטיקער: פּ׳שבאַרג...

אפיציעל האָט די שטאָט דריי שפּראַכן: סלאָוואַקיש, דייטש און אונגאַריש. אַזוי זענען באַצייכנט די גאַסן און מיט די דאָזיקע שפּראַכן קענט איר זיך פאַרשטענדיקן אין אַלע עפנטלעכע אינסטיטוציעס, ווייל דאָ אין טשעכאָסלאָוואַקיי איז די מלוכה אזוי ליבעראַל און היט אָפּ עד קוצו של יוד, די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אָבער חוץ די אַלע שפּראַכן קענט איר זיך דאָ מיט יעדן מענטשן אויפן גאַס פאַרשטענדיקן אין קאָנגרעס־דייטש. אַ מין סאָרט עברי־טייטש, וועלכן אינטעליגענטן רופן אָן „זשאַרגאָן” און מאָדערנע, יידיש. ביי די באַשטייענדיקע באַדינגונגען און ביי דער באמת נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פון וועלכער די יידן אין דעם לאַנד געניסן, וואָלט כלל נישט שווער געווען צו פועלן ביי דער מאַכט די אַנערקענונג פון יידיש אָדער העברעאיש אלס אָפיציע־לער שפּראַך פון דער יידישער מינדערהייט. אָבער אין יענער



בראַטיסלאַווע, יידישער קוואַרטאַל און הויפּט-סינאַגאָגע



בראַטיסלאַווע „יודנגאַס“

צייט פון אַנטשטייאונג פון דער רעפּובליק האָבן זיך נאָך געפונען מאַסן מה־יפית־יידעלעך, וועלכע האָבן זיך נישט אַזוי לייכט געוואָלט אָפּזאָגן פון האַרטיס־קולטור און די שפּראַך פון זיינע קולטורעלע רוצחים און פּאָגראָמשטשיקעס. פּונקט אַזוי ווי היינט געפינען זיך נאָך אין בעמען געגנוג מנובלים, מאָשקעס, וועלכע אונטערשטיצן היטלעריסטישע קולטור־אינסטיטוציעס. וועגן די דאָזיקע נפשות האָב איך שוין אין אָנהויב פון מיין סעריע איינמאָל גערעט און מירן זיך נאָך צו זיי אומקערן.

* * *

איידער מיר הויבן אָן אונזער שפּאַציר איבער פּרעסבורג לוינט זיך צו פאַרלירן עטלעכע ווערטער איבער מיין באַגלייטער, קאַפּיטאַן יוליוס גראָס, דער יידישער „קאָלאָנעל לאַאורענס“ אָבער נאָר אין פּאָזיטיוון זין פון וואָרט.

דער דאָזיקער טיפּיש־סלאָוואַקישער ייד, מיט זיין גראַדן און ערלעכן כאַראַקטער, וועלכן זשאַבאָטינסקי רופט אָן „מיין הייליקער פריינט“ האָט איבער זיין לעבן דורכגעוואַנדערט איבער כמעט אַלע אייראָפּעאישע אַרמייען אַלס אויבער־לייטענאַנט פון דער קייזערלעך־קעניגלעכער עסטרייך־אונגאַרישער אַרמיי. אויף דעם ארץ־ישראל־פראָנט האָט זיין מח נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק צו קעמפן קעגן יידישע לעגיאָנען און ער איז, אין אַ פינסטערער נאַכט אַריבער צו די ענגלענדער און זיך אָנגעשלאָסן אין זייער רעגימענט, וועלכער האָט אַטאַקירט ירושלים. פינף טעג לאַנג, דערציילט ער, איז ער ארומגעלאָפן אין באַפרייטן ירושלים און געקושט יעדן שטיין... שפּעטער שיקט מען אים אַריבער אויפן סירישן פראָנט, ער פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט, אַנטלויפט צו די סערבן און אָרגאַניזירט דאָרטן דעם סלאָוואַקישן לעגיאָן. ביי דער גרינדונג פון דער רעפּובליק קעמפט ער קעגן די ווייסע אונגאַרישע באַנדעס און פאַרבלייבט דאַן אַקטיוו אין דער סלאָוואַקישער אַרמיי, פון וואַנען ער טרעט אַרויס אַלס קאַפּיטאַן נאָך אַ צוויי־

יעריקן דינסט. און יעצט איז ער די פאַרקערפערונג פון דיסציפּלין און אָרדנונג אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. ווענדעט איר זיך צו גראָסן מיט אָ וואָסער עס איז פראַגע, איז קודם כּל שטרעקט ער זיך אויס גלייך מיט דרך ארץ און ערשט דאַן ענטפערט ער קורץ מיליטעריש און צו דער זאַך. גימנאַסטיק, זאָגט גראָס, דאַרפן יידן מאַכן, נישט נאָר מיטן מויל אָדער מיטן מח נאָר מיט די הענט און פיס ממש...

יעצט שפּאַצירן מיר שווייגנדיקע אַרויף אויף די שמאָלע באַרגיקע געסלעך פון אַלטן פרעסבורגער געטאָ. מיר גייען אַריין אין אַ גרויסן הויף, וועלכער פאַלט אַריין אין אַ צווייטן און דער אין א דריטן פון דאַנען — דוכט זיך אייך—איז קיין אויסגאַנג נישטאָ... אָבער מיט אַמאָל אַ גאַנץ נידעריקע שמאָלע טיר מיט אַ שורה געדרייטע הילצערנע טרעפּ, אויף וועלכע מיר דריקן זיך קוים דורך, אַ לאַבירינט פון קאָרידאָרן און גאַנקעס און ווידער געפינט איר זיך אין מיטן אַ גרויסן הויף, וועלכער מאַכט אויף אייך דעם איינדרוק פון אַ פעסטונג און אַ תּפיסה אינאיינעם. אויף די גאַנקעס הענגען קינדערשע וועש און פריש אויסגעוואַשענע טליתים קטנים, יידענעס מיט געלאָקטע שייטלעך פירן פאַר די הענט יינגלעך מיט געקרויזטע פאה׳לעך, אַ ייד מיט אַ קאַפּאָטע און באָרד און פאות באַגעגנט אַ יידענע מיט אַ שייטל און באַגריסט זי מיט „קעזי־טשאקאלאם״ (כ׳קוש אייך די האנט) און דערביי הויבט ער אפילו אויף איר נישט אויף די אויגן מחמת מ׳טאָר דאָך נישט קוקן אויף קיין אשה ר״ל...

מיר קומען ענדלעך אַרויס אין אַ שמאָל געסל אויפן העכסטן פונקט פון דער שטאָט, קוים וואָס דריי מענטשן קענען זיך אַדורכשטופן אין דער ברייט, און לאַנדן אין אַן אָרטאָדאָקס־כשר׳ער, „באדעגא״, עס הייסט אַ מין רעסטאָראַן אויף „זאַקוסקע״ איבערצוכאַפּן דאָס האַרץ. אויפן פענסטער איז אויסגעמאָלן אַ מין פויגל, ספק קאַץ, ספק קאַטשקע, וועלכע דאַרף פאַרטרעטן אַן אָדלער, דאָס באַשעפעניש האַלט אין די לאַפּקעס די לוחות און אונטער די לוחות די אויפשריפט: — ארטה, כשר אימביסס־שטובע — עס הייסט: אַ פּלאַץ וואו מען קען כאַפּן אַ געשמאַקן ביסן.

צי דער אָדלער אויפן פענסטער איז מער ענלעך צו אַ אַ קאַץ, אָדער צו אַן אינדיק, דאָס לאָז איך איבער פאַר קינסטלער און קריטיקער... אָבער די געבראָטענע גענזלעך און געשמאַקע גריוועס און די איבעריקע גוטע זאַכן מיטן גוטן שליוואָוויץ... דערפאַר, דרך ארץ רבותי! — אויף דעם זענען סלאָוואַקישע יידן מזיקים...

קוים מיט צרות האָט מיך גראָס אָפּגעריסן פון אַ געשמאַקער פּאָלקעלע, כדי ווייטער פאָרטצוזעצן אונזער שפּאַציר און דערפאַר וועל איך אים אייביק בלייבן א שונא...

אויפן סאַמע שפּיץ פון געטאַ געפינט זיך די אַלטע פּרעסבורגער פעסטונג. דאָרט האָט נאַפּאָלעאָן אונטערגעשריבן זיין באַרימטן וואָפן-שטילשטאַנד נאָך דער מפּלה פון מאַק מאַהאָנס אַרמיי און דאָרט האָבן יידן זיך נישט איינמאָל געראַטעוועט בעת דער צעווילדעוועטער המון האָט געשטורמט דאָס געטאָ. די דאָזיקע געדרייטע הויפן מיט זייערע אומענדלעכע גענג האָבן אויך זייער גוט געדינט פאַר מיליטעריש-סטראַטעגישע צוועקן. דאָ האָט מען פון און צו דער פעסטונג אומבאַמערקט אריין און אַרויסגעפירט גאַנצע באַטאַליאָנען מיליטער, וועלכע זענען אָנגעקומען אויף דער אונטן ליגנדיקער דאָנאַו.

ווי אַ הייפעלע קאַרליקעס טוליען זיך די הייזער צו דער שטאָלצער פאַרצייטישער פעסטונג, וועלכע דאָמינירט נאָך היינט די ברייט-צעוואַקסענע סלאָוואַקישע מעטראָפּאָליע. די פעסטונג, וועלכע האָט אין זיך עפּעס מאַיעסטעטישעס און איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צום מבצר אנטיפּאַטרוס ביי פּתח-תקוה.

מיין באַגלייטער איז גרייט מיר נאָך און נאָך צו דערציילן וועגן די מלחמות פון אַלע מינים הערשער און הערשערלעך דאָ אין דער בליענדיקער געגנט פון דאָנאַו און אין וועמענס געשיכטע ער איז קלאָר, ווי אַ ייד אין אשרי, אָבער דאָ מוז מען אַ ווײַלע לאָזן שווייגן די געשיכטע און פשוט פּראָזאיש אַכטונג

געבן אויפן גליטשיקן באַרג-אַרויף כדי נישט צו צעברעכן רוק און לענד .. און אָט שטייען מיר שוין אויפן שמאָלן וועג, דעם פעסטונגס-גאַרטל און אונטער אונז ליגט די שטאָט לענג אויס דער ברייטער שטראָמענ-דיקער דאָנאַו, וועלכע פירט יעצט אויף איר רוקן גרויסע שטיקער אייז איילנדיק אַוועק ערגעץ אין דער אומענדלע-כער ווייטקייט.



טיפ פון א סלאָוואַקישן ייד

זעט איר—ווייזט מיר דער באַגלייטער—דאָרט אַרי-בער רעכטס, איז שוין אונגאַרן און לינקס עסטרייך. אין קליינעם דאָנאַו-טאָל האָבן די רוימישע לעגיאָנען, וועלכע זענען צוריק געגאַנגען נאָך דער דעראָבערונג פון ירושלים מיט זיך געבראַכט יידישע געפאַנגענע... און אַז די דאָזיקע האַלב-לעגענדע האָט עפּיס פון אמת האָבן באַוויזן די אומגעציילטע אויסגראָבונגען אין דער געגנט, בעת וועלכע מען האָט געפונען אַלטע יידישע און רוימישע מטבעות פון יענער עפּאָכע.

אין פּרעסבורג — דערציילט מיר מיין באַגלייטער — לעבן נאָך ביז היינט אַ 12 יידישע משפחות, וועלכע באַהויפּטן צו זיין די דירעקטע דורות, וואָס שטאַמען אָפּ פון יענע ירושלימער קריגס-געפאַנגענע, וועלכע די רוימער האָבן מיט זיך אַהער פאַרשלעפּט און ביי אַ טייל פון די דאָזיקע פאַמיליעס געפינען זיך אויף דעם פאַרשידענע זאַכלעכע און שריפטלעך דאָקומענטאַרישע באַווייזן.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב אַפילו נישט געמאַכט קיין פּרוב צו גיין פעסטשטעלן אויף וויפיל אמת עס

באַזירט זיך די דאָזיקע לעגענדע. דאָס איז שוין אַ זאַך פאַר ניכטערע היסטאָריקער און פאָרשער. פאַר מיר איז די לעגענדע פאַר זיך טייער און האַרציק און איך וואָלט איר נישט געוואָלט מחלל זיין מיט דער נאַרישער און אַזוי ווייניק פאַנ־טאַסטישער ווירקלעכקייט.



בראַטיסלאַווע, שלאָס-גאַס, דאָס האַרץ פון „געטאָ“

* * *

באַשרייבן בלויז איין שטאָט אין דער סלאָוואַקיי, לאָמיר אָננעמען אַזאַ ווי בראַטיסלאַווע, ווי עס באַשרייבן עס אָפט די אָרטיקע יידישע בלעטלעך, הייסט אפשר זיין היסטאָריש געטריי,

אָבער פון לעזוערס שטאַנדפונק פּשוט נודנע... און זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין אַזוי צו דענקן ווי דער „חשובער לעזוער"...

איך וויל דאַריבער נישט וויסן, ווי אַלט עס איז אַקוראַט די עלטסטע מצבה אויף דעם אָדער יענעם יידישן בית־עולם, אויף ווי ווייט דאָס האָט נישט קיין דירעקטן שיכות מיט אונזער היינטיקער צייט. פאַר מיר איז גענוג, אַז בראַטיסלאַוואַ איז אַן אַלטער, אוראַלטער יידישער ישוב באַהויכט מיט לעגענדעס און פאָלקלאָר, אַ שטאָט מיט יידיש־לאָקאַלער טראַדיציע. אין בראַטיסלאַוואַ עקזיסטירט נאָך ביז היינטיקן טאָג די באַרימטע ישיבה, געגרינדעט דורכ'ן חתם־סופר מיט דער ישיבה קטנה, יסודי התורה, און יעדער סלאָוואַקישער אָדער אונגאַרישער ייד, פריי אָדער רעליגיעז, וועט אייך מיט שטאָלץ דערציילן, אַז ער איז אַ תלמיד פון דער פרעשבאַרגער ישיבה... היינט איז די ישיבה שוין אַביסל מאָדערניזירט און הייסט ראַבינסקאַ שקאָלאַ, אָבער מיר דוכט זיך, אַז ווייטער פון דער דאָזיקער איבערשריפט איז דער מאָדערניזם דאָ נישט אַריינגעדרונגען — פאַרקערט די האַלב מאָדערנע אָסט־סלאָוואַקישע יידן זענען אומצופרידן מיט דעם צו שטאַרקן קאָנסערוואַטיזם פון דער דאָזיקער אוראַלטער אינסטיטוציע. פון זינט דער רעפּובליק הייסט דאָס נעבן־געסל פון דער ישיבה, שרייבער־גאַס, אויפן נאָמען פון דער באַקאַנטער פאַמיליע (סופר) שרייבער, די באַגרינדערס פון דער דאָזיקער ישיבה. — אַ זאַך וואָס איז קוים מעגלעך געוועזן אונטערן רעזשים פון די מאַדיאַרן.

ווען מיר רעדן פון דער סלאָוואַקיי מוזן מיר אונטער־שיידן צווישן מזרח און מערב סלאָוואַקיי, ווייל אין דער צייט ווען דער מזרח סלאָוואַקישער ייד איז מער אָדער ווייניקער פרום איז דער מערב סלאָווקישער ייד שטאַרק טראַדיציאָנעלער קאָנ־סערוואַטיווער און פירט אַ לעבנס־שטייגער, וועלכן מיר טרעפן היינט נאָך אפשר אָן אין אַלט־ירושלים אָדער אין פאַרוואָרפענע שטעטלעך פון גאַליציע, ווי מיר וועלן דאָס דאָ ווייטער פּרו־בירן צו שילדערן.









I שוהל און טרענטשין

II שוה אין סטראַשובצע

III נייע שוהל אין אוזשהאָראָד

שוהלן אין סלאָוואַקיי און פּאָדקאַרפּאַטסקאַ-רוס.

דער שנעל־צוג פירט יעצט לינקס אוועק פון דאַנאַו אין דעם דאָזיקן פרוכטבאַרן טאָל. מיר פאָרן פאַרביי ציכטיק ווייסע פאַרשלאָפענע דערפלעך, דאָ איז דאָך דער תבואה־שפּײַכלער פון דער טשעכאָסלאָוואַקײַ, נישט ווייט פון אַ סטאַציע פאָרן מיר פאַרביי אַ ציגײַנער־לאַגער, קינד און קײט איז פאַרזאַמלט נעבן דער באַן. פון אָנהויב פאַרשטיי איך נישט אין גאַנצן וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער באַלד לעז איך דאָס רעטעניש... דער קעלנער פון שפּײַזע־וואַגאָן עפנט דאָס פענסטער און וואַרפט ארויס פון צוג אַלע איבערבלײַבעכצן פון עסן, אויף וועלכע די פאַרזאַמלטע ציגײַנערס וואַרפן זיך ווי הונגעריקע חיות.

איר מיינט אודאי, גיט מיר מיין שכן צו פאַרשטיין, אַז בײַ אונז אין לאַנד הונגערט מען ? ניין ! אָבער דאָס איז שוין אַ מנהג אַזאַ פון יאָרן, איר וועט שענערס נאָך דערלעבן אויף דער נעכסטער סטאַציע...

אין צוויי שעה שפּעטער קומען מיר אָן קיין טירנאַוואַ. אויפן פעראָן זיצט אַ קאַפּעליע ציגײַנערס און שפּילט אויף לכבוד די אָנקומענדיקע געסט. מיין מאַרשרוט האָב איך געהאַט פאָרויס באַשטימט אויף אַ סך ווייטער, אָבער די דאָזיקע ראָמאַנטישע, אַזוי אוממאָדערנע באַגעגעניש האָט מיך געצוואונגען צו בייטן מיין באַשלוס.

אין אַלטע כראָניקעס האָב איך געליינט, אַז אין די אַמאָליקע גרויסע האַנדלס־צענטערן פלעגט מען די אָנקומנדיקע פאָסט־קאָטשן באַגעגנען מיט מוזיק... אָבער היינט, אין אונזער יאָרהונדערט פון מאַשין, אַעראָדינאַמיק און ווייסט דער טײַוול וואָס נאָך פאַר אַ זאַכן, וועלכע זענען געמאַכט פאַר אונזער „באַקוועמלעכקייט"; בײַ אונזער מאָדערנער צייט לוינט זיך צו פאַרלירן עטלעכע שעה כדי זיך נענטער צו באַקענען מיט אַזאַ גאָט־געבענטשטן ווינקעלע.

דעם ערשטן ייד, וואָס איך באַגעגן, מיט אַ האַלב־לאַנגער קאַפּאָטע און אַ האַלב־קורצער באָרד, מיט אַ קיילעכדיקן רבנישן קאַפּעליוש (דאָס איז די לאַנדעס טראַכט פון סלאָוואַקישע יידן) בעט איך ער זאָל מיך מיטנעמען אין שטאָט אַריין.

— זײ זענען פון פױלן ? װיל מײן באַגלײטער װיסן.
— װאָס הײסט „זײ״ ? — מאַך איך זיך תמעװאַטע.
— נו, זינגט מײן סלאָװאַקישער ייד, איך מײן צו זי, איר... זענען פון פױלן ?
— נײן פון פּאַריז.
— או װאַ, פאַרגײט מײן יידל אין התפעלות און זײ רעדן אזוי פײן זשאַרגאָן... כ׳װיל זאָגן יידיש־דײטש. און טלית און תפילין האָבן זי אויך מיט ? איז מײן יידל נײגעריק און גיט אַ ביסל פאַרשעמט צו, װײל װיסן זײ; בײ אונז זאָגט מען, אַז אין פּאַריז זענען די שטײנער אין גאַס טריפה...
— איך באַרױק מײן ייד, אַז אין פּאַריז זענען אויך פאַראַן כשר׳ע און זער פרומע יידן און גײ איבער צו דער אַטאַקע ; איך בין דאָך געקומען הערן װי עס גײט היגע יידן, אַז איר װעט קומען קײן פּאַריז װעל איך אײך דערצײלן פון דאָרט.
— װאָס איז שוין דאָ צו הערן פון אַזאַ שטעטלע װי טײרנאָװאָ. — װיל דאָס יידל אַװעקמאַכן מיט דער האַנט — פרנסה איז װי אין דער גאַנצער װעלט, הײנטיקע צײטן אַ ביסל שװאַכלעך, אָבער מנוחה האָט מען ברוך השם, — נישט װי אויף יענער זײט...
— אױפן װעג גײען מיר פאַרבײ אַ פּראַכטפולע געבײדע אין אָריענטאַלישן סטיל. דאָס איז אונזער קלײן בית־המקדש, װײזט מיר מײן באַגלײטער מיט אַ ליבע־פולן בליק אויף דער שול. נאָר אויב איר װילט הערן נײעס טאָ װעלן מיר זיך אַרײנכאַפּן אין קאַװע־בית.
— װאָס הײסט קאַװע־בית ?
— איר האָט דאָך געזאָגט, אַז אין פּאַריז רעדט מען יידיש, װאונדערט זיך מײן ייד צוריק און יעצט שטעלט איר אַ פראַגע װי אַן ערל... קאַװע ־ בית איז אַ קאַפע הויז, װאו אַלע אַנ־שטענדיקע מענטשן קומען זיך צונויף, פירט מײן ייד אויס.
דער אָסט־סלאָװאַקישער ייד אונטערשײדעט זיך אין תוך נישט אין פרומקײט און יידישקײט פון זײן װעסט־סלאָװאַקישן

אָדער גאַליציאַנער שכן, ער האָט בלויז אָנגענומען די אויסער־
לעכע פאָרמען פון אונגאַרן און טשעכן און זוכט, וואו ס'איז
פאַראַן על פי דין אַ היתר נאָכצוטאָן ריין אויסערלעך, זיין
נישט יידישן שכן. ער גייט טעגלעך אין קאַפע־הויז, טראָגט אַ
צוגעשניצט בערדל, אונטערהאַלט זיך איבער פאָליטישע פּראָב־
לעמען און לייענט טעגלעך דריי פיר צייטונגען. אָבער זיין
פרוי גייט מיט געשוירענע האָר און אָן אַ פּאַרוק. אין פרנסה
גייט עס דעם טשעכאָסלאָוואַקישן ייד היינט אפשר נישט אַזוי
גוט ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, דערפאַר אָבער פון ריין יידישן
שטאַנד־פּונקט זענען די דאָזיקע יידן פאַר אונז נעפּונענע, ווייל
נעכטן אונטער אונגאַרן זענען די דאָזיקע יידן, הגם נאָך רע־
ליגיעז, שוין געווען פולקאָם אַסימילירט און היינט איז נישט
פאַראַן קיין איינציק שטעטל, וואו עס זאָל נישט זיין אַ ציוי־
ניסטישע אָרטס־גרופּע. דאָס נאַציאָנאַלע דערוואַכן פון די סלאָ־
וואַקן האָט אויך אויפגעוועקט די דאָרטיקע יידן און דאָס איז
שוין אַ גרויסער פאַרדינסט.

* *
*

סלאָוואַקיי האָט שוין, ווי אויבן דערמאָנט, געשפּילט אַ
באַדייטנדיקע ראָלע אין די רוימישע מלחמות, און אַ סך פון
די סלאָוואַקישע בירגער, זענען זיך מיחס צו רוים, די צווייטע
זיגרייכע רוימישע לעגיאָן.

איינס איז זיכער, אַז דער דאָזיקער טייל פון דער טשע־
כאָסלאָוואַקישער רעפּובליק, האָט שוין אין די אורגרויע צייטן,
נאָך פאַר דער היינטיקער קריסטליכער צייטרעכנונג, געהאַט
אַ געוויסע שטאַאַטס־פאָרם, די רוימער און די גאַלן און שפּע־
טער די טאַטאַרן, און דאַן די הערשאַפט פון די מערישע הער־
שאַפטן, און שליסלעך די גרויסע אינוואַזיע פון אַזיען. וועלכע
האָט אין דער געגנט אַהער געבראַכט די אונגאַרן.

די אונגאַרן האָבן דאָ, ערשט אַרום 10־טן יאָרהונדערט,
אַוועקגעוואָרפן זייער היידנטום און איבערגענומען פון די אונ־

טערדריקטע סלאָוואַקן, נישט בלויז זייער לאַנד און רייכטימער, נאָר אויך זייער רעליגיע.

די הערשאַפט האָט זיך דאָ זייער אָפט געביטן, די סלאָוואַקן האָבן נאָך דער אונגאַרישער אינוואַזיע עטלעכע מאָל, אויף אַ קורצער צייט, אויסגעקעמפט זייער סוווערעניטעט. אָבער ענטגילטיק באַפרייט געוואָרן זענען זיי דעם 28־טן אָקטאָבער 1918, בעת עס איז אויסגערופן געוואָרן די טשעכאָסלאָוואַקישע רעפובליק, וועלכע נעמט אין זיך אַריין די לענדער: בעמען, מערן, שלעזיען, די היסטאָרישע לענדער פון דער אַמאָליקער טשעכישער קרוין, צוזאַמען מיט די סלאַווישע שטאַם־שפּראַך און גלויבנס־ברידער אין די לענדער, סלאָוואַקיי און אין אונטער־קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

די ענטגילטיקע גרענעצן פון דער היינטיקער סלאָוואַקיי זענען ערשט פעסט־געלייגט געוואָרן אויף דער פרידנס קאָנפערענץ פון טריאַנאָן דעם 4־טן יולי 1920.

לויט דער סטאַטיסטיק פון יאָר 1930, לעבן אויף דער סלאָוואַקישער טעריטאָריע, וועלכע נעמט אַרום אַ וואָסערע 49 טויזענט קוואַדראַט קילאָמעטער, 3 מיליאָן מיט 333 טויזענט איינוואוינער, פון זיי בס״ה 137 טויזנט יידן, וועלכע געבן אַ פּראָצענט זאַץ פון אומגעפער 2,4 פּראָצ.

טשעכאָסלאָוואַקן זענען פאַראַן אומגעפער 67 פּראָצ. די איבריקע זענען, מאַדיאַרן, דייטשן א. אַ.

היות אָבער ווי אין דעם דאָזיקן לאַנד, האַלטן נישט די יידן און נישט די אַנדער פעלקער פון געבורטס־קאָנטראָל, איז פאַרשטייט זיך קען איך נישט איבערנעמען די גאַראַנטיע פאַר דער ריכטיקייט פון די דערמאָנטע ציפער.

סלאָוואַקישע יידן אַזוי גוט ווי נישט־יידן, זענען פעסט איבערצייגט דערין, אַז די וויכטיקע אויפגאַבע פון אַ מענטשן אויף אונזער זינדיקער ערד, איז פאָרטצוזעצן אונזער מענטש־לעכן מין, קלאָרער זיך אויסגעדריקט פּריה ורביה, האָב איך טאַקע זעלטן ווען געזען אַזויפיל קינדערלעך ווי אין די קליינע שטעטלעך פון דער סלאָוואַקיי.

אויב די היסטאָרישע לענדער בילדן די אינדוסטריעלע אוצרות פון דער רעפובליק, האָט די סלאָוואַקיי דעם גרעסטן טייל קרעדיט פאַרן נאָכוואוקס פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער ראַסע. דאָ איז דער נאַטירלעכער רעזערוואואַר פון מענטשן-מאַטעריאַל.

בראַטיסלאַווא, די הויפט-שטאָט פון דער סלאָוואַקיי, פאַרמאָגט היינט אַן אייגענעם אוניווערזיטעט, געגרינדעט נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער רעפובליק. אָבער דאָס איז נישט דער ערשטער אין דער דאָזיקער שטאָט, וועלכע האָט שוין אין 15-טן יאָר-הונדערט געהאַט אַ הויך-שולע לויטן מוסטער פון דער באַרימטער אוניווערזיטעט פון באָלאָניא. די דאָזיקע הויך-שולע איז פאָרטגעזעצט געוואָרן פון יעזואיטן-אָרדן נאָך ביזן 18-טן יאָרהונדערט. אין די לעצטע הונדערט יאָר האָבן די אונגאַרן געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך פאַר דער מאדיאריזאַציע פון דער סלאָוואַקיי און בלויז 17 יאָר זענען איצטער פאַרביי און פון דעם גאַנצן איז באַלד קיין זכר נישטאָ.

און נאָכאַמאָל מוזן מיר צוריקקומען צו די סלאָוואַקישע יידן, וועלכע נוצן נישט אויס ווי געהעריק, זייער נאָמינאַלע אויטאָנאָמיע און די געגעבענע מעגלעכקייטן מצד דער מלוכה פאַרן אויסבוי פון אַ גרויס-נאַציאָנאַל יידישן שול-וועזן.

די סלאָוואַקיי, וועלכעס איז צום גרע.טן טייל אַן אַגראַר-לאַנד, האָט אויך אַן אינדוסטרי, על פי רוב ערשט לעצטנס אויסגעבויט, צוגעפאַסט צו אירע נאַטירלעכע רוי-שטאָפן.

כדאי צו פאַרצייכענען, אַז פון די 4,891,767 העקטאַר באַאַרבעטן באָדן, זענען 947,845 העקטאר, פאַרבויט מיט צוקער-ריבן, וועלכע גייען פאַרן פאַרברויך פון די 11 צוקער-פאַבריקן אויפגעשטעלט אין די לעצטע יאָרן אין דער סלאָוואַקיי.

אויך די אַנדערע אינדוסטריען זענענדערוואָקסן און אויסגעבויט אין דער צייט פון דער רעפובליק, באַמערקס-ווערט, זעגע-רייען און האָלץ אויסאַרבעטונגען. פאַוואָריזירט איז די טשעכאָסלאָוואקיי צוליב איר נאַטירלעכן אינטערנאַציאָנאַלן וואַסער-וועג, די דאָנאו. אבער אויך די אַנדערע פאַרקערס-וועגן, ווי

אייזנבאַן און מלוכה׳שע שאַסייען האָבן זיך פאַר די לעצטע יאָרן שטאַרק ענטוויקלט.

עס באַשטייט ליידער נישט קיין סטאַטיסטיק, וויפל יידן עס זענען באַשעפטיקט אין מסחר און וויפל אין דער אינדוסטרי, ווי הויך עס איז די צאָל יידישע פויערים, וועלכע לעבן נאָך דאָ אין אַ סך דערפער און זאָגאַר אין אייניקע האַלב אָדער טיילווייז גאַנץ יידישע דערפער? אָבער ווי ווייט עס לאָזט זיך פעסטשטעלן, זענען יידן דאָ פאַרטראָטן אין אַלע צווייגן פון דעם ווירטשאַפטליכן לעבן פונם לאַנד. בלויז אין דער אַדמיניסטראַציע, זענען זיי, אין פראָפּאָרץ צו זייער אַנטייל אויף אַנדערע געביטן, נישט זייער צאָלרייך.

איך בין געפאָרן אָנקוקן די זומער רעזידענץ פון פרעזידענט מאַסאַריק, אַ באַשיידענער שלאָס אין טאפּאָלשאנקי (סלאָוואַקיי) אָן אַ סך אויסערליכן פראַכט, באַשיידן אַזוי ווי זיין באַזיצער. האָט מען מיר דאָרט געראַטן צו פאָרן אָנקוקן דעם וועלטנסטן פאַרק אין איירָאָפּאַ, וועלכער ליגט אין דאָרף מליינאַני, נעבן דעם שטעטל מיט דעם אַ ביסל צו קאָמפּליצירטן נאָמען, טעקאוווסצע - זלאטע - מאראוווצע. דער פאַרק, וועלכער שפרייט זיך אויס אויף אַ שטח פון 36 העקטאר און איז אַן אוניקום אין איירָאָפּאַ.

ער איז שטענדיק גרין דער פאַרק און ווייסט נאָר איין גאָט אַליין ווי אַזוי אַזאַ איידעלע באָטאַנישע מאַטעריע האַלט אויס די שאַרפע פרעסט און שווערע ווינטערן פון דער דאָזיקער געגענד.

אין ארץ-ישראל פאַרשטייען זיך יידן אויף באָטאַניק. מיר דאָ קענען עס העכסטנס טעאָרעטיש פון אונזערע באָטאַנישע שטודיען אין דער שולע אָדער גאָר פון משניותל סדר זרעים. — מה נאה אילן ז״. אַז מיר האָבן דאָס געלערנט, האָבן מיר זיך העכסטנס פאָרגעשטעלט די קאַסטאַניע-בוימער פון מ׳טן מארק אין שטעטל ביים ברונעם אָדער דעם סאָד פון איסאַראַוווניק און להבדיל די „פלעבאַניע״ פון גלח. אָבער אָסור צי ווייסט אַ ייד, וואָס איז נישט קיין וואַלד-סוחר, דעם חילוק פון אַן עקאַליפּ-

טוס ביז אַ נאָדל־בוים. יאָ ער ווייסט פון די ארזי הלבנון, ער האָט געלערנט אין שמואל דעם שיינעם קאַפּיטל פון „הלוך הלכו העצים למשוח עליהם מלך״, עפּעס רעדט זיך דאָרט פון אַזעלכע מאָדנע זאַכן ווי אַ זית א. א. מינים בוימער, אָבער דאָס זענען דאָך נאָר סודות־התורה פאַרשטעלט אין דער פאָרם פון בוימער. פּשוטע בוימער קען אַ וואַלד־סוחר, ער ווייסט ווי אַלט עס איז אַ דעמב און ווי אַזוי מען קען אויסשניידן אַ בע־רעזע און געפינען אַ הובע. פון גרינע בוימער קען ער העכ־סטנס סכך פאַר דער סוכּה אָדער אַ יאָלקע, וועלכע איוואַן פלעגט אַריינברענגען אין שטעטל אַריין חנוכה־צייט.

שביעות־ איז אַ מנהג אויסצופּוצן יידישע הייזער און בתי מדרשים מיט אַבּיסל גרינס, אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר יינגלעך און פאַרן שול־שמש. דאָס שענסטע פון גרינעם, מיט וועלכן אַ ייד קומט אין באַרירונג, איז דער אתרוג מיט די ארבעה מינים און דערנאָך די הושענות. מילא די לעצטע ווייסט ער, געפינען זיך ביים טייכל דאָרט אין קנה וסף, לולבים און הדסים, קויפט מען ביים שוחט אָדער ביים רב׳ס איידעם וועלכער ווייסט נישט, פּונקט אַזוי ווי דער קונה, צי איז דאָס אַ מין ירקות אָדער פּרי העץ. אויף וויינטרויבן ווייסט אַ ייד אַז מען מאַכט „על העץ״ און אתרוג איינגעמאַכטס קומט אים זעלטן אויס צו עסן, דאָס איז אַ מאכל פאַר קימפּעטאָרינס...

באַוואָפנט מיט די דאָזיקע באָטאַנישע ידיעות, בין איך אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָנגעקומען פאַר דעם גרעפלעכן שלאָס פון די אַמבראָזיס אין מליניאַני. דער אַלטער גערטנער פאַר וועמען איך האָב מיטגעבראַכט אַ פּעקל פונם גוטן פּייקע טאַבאַק משופרא דשופרא האָט זיך אָנגעשטאָפּט זיין לולקע, פאַרלייגט די גראַבלע אויפן אַקסל און מיך גענומען פירן אין גן־עדן התחתון.

דער גראַף, דערציילט מיר דער אַלטער אונטערוועגס, וועלכער פלעגט יעדעס יאָר פאָרן אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע און זיך דאָרט באַגייסטערט פון די פראַכט גערטנער און פאַרקן, האָט איינמאָל באַשלאָסן צו פאַרפלאַנצן אַ פאַרק, וואָס די וועלט האָט נאָך דאָס נישט געזען. דער גראַף — גיט

דער בראָווער גערטנער צו — האָט ווי אַלע גראַפן, געהאַט אַ סך געלט (דאָס איז אויף יעדן פאַל נישט געווען אין אונזער צייט) און האָט אויסגעשטעלט אָט אָ דאָס וואָס איר זעט דאָ.

מיר שפּאַצירן אין די דופּטיקע אַלעען צווישן די פּראַכט־פולע קאַמעליען און ראדאנדערן, אַזעלכע ווי איר זעט נאָר זעלטן אין איטאַליע, לינקס צעדערבוימער פון הימאַלאַיע און רעכטס צעדערן פון לבנון, אָבער טאַקע אמת פון לבנון, יאַפּאַנישע „אָביס" און כינעזישע באמבוס־בוימער, ציפּרעסן פון בריזאָנא און פּאַלמען פון דער ריוויערע, אַלץ איז ספּעציעל אַהער געבראַכט געוואָרן מיט אַ סך ליבע, קאָסטן און איבער־געגעבנקייט, דאָ פאַרפּלאַנצט און דערצויגן געוואָרן.

מיר זעצן זיך אָפּרוען אויף אַ באַנק צווישן עכטע קאַלי־פאָרנישע סעקוואיען און זעלטענע יאַפּאַנישע נאָדל־בוימער, אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג האָט דער פּאַרק פאַר די געוויקסן און



סלאָוואַקישע פויערטעס פאָרן פון תּייַנטרויבן־שניט

בוימער פון טאַטרא-געבירג, און גלייך דערנעבן אַ שורה זעלטענע בוים-עקזעמפּלאַרן פון אטאַס.

באַזונדערס שיין און פּאַרכאַפּנד, זאָל דער פּאַרק זיין אין פרילינג. און מען מוז נישט גראָד זיין אַ באָטאַניקער, כדי זיך צו באַגייסטערן פון דער דאָזיקער געאָרדנטער און דאָך ווילדער נאַטור-שיינקייט. אַזעלכע ווינקעלעך זענען אויף אונזער וועלט קיין סך נישט פאַראַן.

דער אַלטער גערטנער, וועלכער זעט מיין באַגייסטערונג, קלערט מיך אויף: סלאָוואַקיי, הגם אַ קאַלט לאַנד האָט באַזונדערע איינגעשאַפטן הן קלימאַטיש און הן אין באָדן פאַר מזרח-בוימער, און והא ראיה, די סלאָוואַקישע ווייַנטרויבן און ווייַנען זענען באַקאַנט אויסערהאַלב אירע גרענעצן.

נו, אויב אַזוי וועלן מיר טאַקע גיין נעמען אַ גלעזל ביר.

דאָס אַלטע עסטרייך האָט נישט בלויז געלאָזן אַן אינדוסטריעלע ירושה, נאָר אויך—און דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך—אַלע איינריכטונגען פון אַן אייראָפּעישן שטאַאַט. צווישן אַנדערן די גרויסע אייזנבאַן-ליניע ווין—בוקאַרעשט, וועלכע שניידט אַדורך טיילווייז די קאַרפּאַטן און די טאַטרא. אָבער ביי דער פּאַרטייַלונג פון די ניי-אַנטשטאַנענע לענדער, האָט מען זיך נישט גערעכנט מיט אַן אייזן-באַן ליניע, אַנשטאַט דער היסטאָרישער צוגעהעריקייט פון דעם באַטרעפנדן פּאַס-ערד צו איינעם פון די לענדער, און נאַטירלעך, דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג.

זענען טאַקע ענטשטאַנען טשיקאַווע קוריאָזן. די ליניע פּראַג-בוקאַרעסט, וועלכע שניידט אַדורך מערן, אַ טייל פון דער סלאָוואַקיי און לענג-אויס גאַנץ פּאָד-קאַרפּאַטסקאַ-רוס, ציט זיך האַרט ביי דער גרעניץ. היות אָבער די גרענעץ איז נישט קיין גראַדליניקע און טרעפט זער אָפט, אַז אַ ווינקעל טשעכאָסלאָוואַקיי רוקט זיך אריין אין רומעניע, אָדער פאַרקערט, אַ טייל פון רומעניע פאַרבלאָנטערט זיך צווישן די גרענעצן פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי. דער צוג גייט אָבער גראַד,

שניידט אַדורך די דאָזיקע טעמפּע ווינקלען, געפינט זיך אין משך פון 10 מינוט אויף רומענישן באָדן און פאָרטזעצנדיק זיין וועג גייט ער אַריין צוריק אין טשעכאָסלאָוואַקיי, בכדי אין 10 מינוט שפּעטער צוריק אַרויפצושפּאַצירן אויף רומענישן באָדן.

מילא, אַזוי לאַנג ווי קיין סטאַציע איז נישטאָ, באַמערקן עס אפילו נישט די פּאַסאַזשירן. אָבער עס זענען דאָך דאָרט רויך דאָ סטאַציעס. טרעפט זיך, אַ סטאַציע געפינט זיך אין רומעניען אין דער צייט ווען די שטאָט אַליין איז אַ טשעכאָ-סלאָוואַקישע.

אָט אַזוי האָט מיר פּאַסירט אין סלאָווענסקע-נאָווע-מיע-סטאַ בעת דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער סטאַציע און איך האָב געוואָלט אַראָפּגיין. אָבער ביי דער טיר פון וואַגאָן האָט מיך אַ רומענישער בעאַמטער פאַרהאַלטן.

— האָסט אַ פּאַס ? האָט ער מיך געפרעגט אין רומעניש.

איך האָב אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און אין ערשטן מאָמענט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין ; ערשטענס, צו וואָס ער פרעגט ביי מיר אויף אַ פּאַס, צווייטנס, פאַרוואָס אין רומעניש, און דריטנס האָב איך דאָך לגמרי נישט בדעה צו פאָרן קיין אויסלאַנד, טאָ וואו קומט דאָ מיטאַמאָל די רומענישע גרענעץ ?

אָבער דער רומענער האָט פון קיין חכמות נישט געוואָלט וויסן, אַ פּאַס מיט אַ רומענישער וויזע זאָל איך אים געבן, אַז נישט וועל איך קיין ביר אויפן וואָקזאַל נישט טרינקען. און דאָס האָט נישט פּאַסירט בלויז מיט מיר. אין זעלבן צוג זענען געפאָרן נאָך אַזעלכע עם הארצים, אַזוי ווי איך. — ווער, האָט פון דער אַנדערער זייט איינגעטענהעט אַן ענגלענדער, ס'טייטש, מען לאָזט מיך נישט אַראָפּ, אָבער דער רומענער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם ; די סטאַציע איז אַ רומענישע, און דאָ זענען מיר בעלי בתים.

פינף מינוט שפּעטער בעת דער צוג איז ווידער געווען אין גאַנג, האָט מיך דער טשעכישער קאָנדוקטאָר, לאַכנדיק, אויפגעקלערט: איר מיינט, אַז איר זייט דער ערשטער ? — יעדן

טאָג האָבן מיר דאָ אַזעלכע סצענעס. און היינט איז עס שוין מער אָדער ווייניקער געאָרדנט. אין די ערשטע צייטן האָבן זיי געהאַט פאַראָרדנט, אַז אויך קיין פענסטער טאָר מען נישט עפע־נען און צייטנווייז אויך די פאָרהאַנגען געמוזט אַראָפּלאָזן. היינט מעג מען שוין קוקן אויף רומעניע אָן אַ וויזע...

— נו, בין איך נייגעריק, וואָס טוען די טשעכאָסלאָוואַקן, וואָס וואוינען אין שטאָט פון יענער זייט באַן־הויף?

— די מענטשן פון די דאָזיקע מקומות האָבן ספּעציעל'ע פאַסיר־שיינען, און טרעפט אַמאָל טאָקע, אַז איינער פאַרגעסט דעם פאַסיר־שיין מוז ער בכבוד־גדול אָדער ווייטער פאָרן אָדער בלייבן זיצן אויפן באַן־הויף ביז מען וועט נאָכקאָנטראָלירן זיין אידענטיטעט.

מיר איז צוגעקומען נאָך אַ ברכה: גאָט צו דאַנקען וואָס איך בין נישט קיין תושב פון אַזאַ מין מקום, וועמענס באַן־הויף עס איז שטענדיק אין קריגס־צושטאַנד.

* * *

מיר האָבן נאָך געמאַכט אַ זייטן־שפּרונג ביי אַ טשעקאָווער סטאַנציע פון פּאָדקאַרפּאַטסקאַ־רוס, אויפן וועג אין אַ יידישן דאָרף אַריין, וועמענס נאָמען איך קען מיך בשום אופן נישט דערמאָנען, הגם די פּאָר שעה, וואָס איך האָב דאָרט פאַר־בראַכט, זענען ביי מיר איינגעקריצט אין זכרון. דוכט זיך אַז דאָס דאָרף הייסט סלאַטשעוואָ, אָדער אַן אַנדער נאָמען, אָבער וואָס איז דער חילוק דער נאָמען? עס איז איינס פון יענע פיל דערפער אין פּאָדקאַרפּאַטסקאַ־רוס וואו עס וואוינען יידישע פּוי־ערים, נישט קיין קאָלאָניסטן, נאָר פּויערים אין פשוטן זין פון וואָרט. דער אונטערשיד צווישן זיי און דער איבעריקער באַפעל־קערונג איז, וואָס אַלס יידן, איז זייער לעבנס־שטייגער און קולטור־ניוואָ אַביסל העכער פון דעם אַרומיקן פּויער.

אַזאַ אָרעמקייט און אַזאַ תמימות אַזויפיל פרומקייט און אָבערגלויבן ביי אַרבעטנדיקע מענטשן, האָב איך אין דער גאַנ־צער וועלט נישט געזען.



אַ ייד פון פאָדקאַרפאַטסקע-רוס

איך דאַרף בין איך אַרייַנגעפּאַרן מיט איינעם פון די פּאָסט־אויטאָבוסן, וואָס פאַרבינט, איינמאָל אין טאָג, די דאָזיקע גאָט־פאַרגעסענע דערפער.

נעבן מיר אין אויטאָבוס איז געזעסן אַ מענטש מיט אַ קוטשמע אויפן קאָפּ, מיט אַ ווילד־צעוואַקסענער רויטער באָרד, אַנגעטאָן אין אַ מין מאַנטל־קאַפּאָטע און אויף די לענדן אַ שטריק און פאַרענדיקט דעם קאָסטיום מיט אַ פּאָר שווערע אויסגעטראָגענע פויערישע שטיוול.

דער מענטש איז געזעסן און געקוקט פאַר זיך אין דער וועלט אַריין, אָבער זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, ער האָט עפּעס געמורמלט. איך האָב אָנגעשטרענגט מיין אויער און דערטאַפּט איינצלנע ווערטער פון תהלים.

איך האָב צו דעם יידן צוגעשמייכלט, געוואָלט אים דער־מיט זאָגן, אַז איך בין אַ ייד. אָבער ער האָט מיין שמייכל אַ פּנים פאַלש פאַרשטאַנען, מחמת ער איז אין ערשטן מאָמענט שטיל געבליבן און דערנאָך זיך מיט כעס אויפגעהויבן איבער־געזעצט זיך אויף אַ צווייטן פּלאַץ אין אנדערן ווינקל פון אוי־טאָבוס און, ווייזט אויס מיר אויף להכעיס, אָנגעהויבן מיט א פארשטאַרקטן קוראַזש „שיר המעלות אשא עיני אל ההרים״...

איך האָב באַשלאָסן די געלעגנהייט נישט אַרויסצולאָזן פון האנט, און בין אויפגעשטאַנען זיך אַריבערזעצן צו מיין יידן.

דער ייד האָט אויסגעשפרייט אינדערלופטן א פּאָר שווע־רע אויסגעארבעטע הענט און א הויב געטאָן מיט די פּלייצעס, און ענדלעך אַרויסגעפּלאצט: מ׳נא, אן אָנשיקעניש פון שאָטן, א יידיש וואָרט לאָזט מען נישט זאָגן.

מיך האָט די דאָזיקע סצענע שטארק אַמוזירט, און איך האָב אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער.

אָבער מיין ייד האָט זיך א פּנים ווייניקער אַמוזירט פאר מיר, מחמת די געביילטע פויסטן פון זיינע פּאָר ידים, האָבן זיך משמעות געגרייט אויסצופירן נקמה אין מיר, דעם „גוי״.

איך האָב געזען אַז איך האלט שמאָל, האָב איך מיט־אמאָל אויפגעהערט לאכן און א פרעג געטון דעם ייד: — זאָגט

פּעטער, איר האָט אַ פּנים נישט קיין אַנדער אַרבעט, נאָר אָדער תּהלים זאָגן אָדער זיך שלאָגן.

דאָס מאָל האָט ער געלאַכט: אַזאַ מין פּויערישער קאָפּ ווי איך בין, איך האָב אייך אָנגענומען נישט פאַר קיין ייִד, אפילו נישט פאַר קיין היגן גוי.

איך שפּיר נאָך איצט דעם קרעפּטיקן „שלום־עליכם" פון דער לאַפּע פון דעם דאָזיקן ייִד.

אָבער אַ ייִד, מעג ער זיין אַ פּויער אָדער אַ באַנקיר האָט תּמיד דיזעלבע ייִדישע טבע: ער האָט ליב גיכער צו פרעגן איידער צו דערציילן. און מיין ייִד האָט, קודם כּל, גע־וואָלט וויסן: צי בין איך אַן אַמעריקאַנער אָדער סתּם אַ „דייטש" און, נאַטירלעך וואָס איך דאַרף, צי בין איך אַ בחור אָדער אַ חתונה־געהאַטער און צי האָב איך אין מיין לעדערנעם „פּריצישן" טשעמאָדאַן, וועלכער איז אים אַזוי געפעלן געוואָרן אַ טלית ותּפילין. און ווען ער האָט געזען מיין ייִדישע שרייב־מאַשינקע, האָט ער געמאַכט אַ פּנים פון אַ נעגער, וואָס זעט צום ערשטן מאָל אַ גראַמאַפאָן.

פון דער אויטאָבוס-סטאַציע אין דאָרף אַריין פאָרט ער מיט אַ „געלעגנהייט". איך האָב תּמיד געהאַלטן דאָס וואָרט „געלעגנהייט" פאַר אַן אַבסטראַקטן באַגריף, אָבער דאָ האָט דער דאָזיקער באַגריף באַקומען רעדער און אַ דישל מיטן אויסזען פון אַ פּויערישן פורל איינגעשפּאַנט צו אַ מאָגערער קליאַטשע. אָט אָ דאָס הייסט דאָ אַ „געלעגנהייט". אַז דער ייִד האָט מיר לכתּחילה געזאָגט, מיר'ן פאָרן מיט אַ געלעגנהייט אין דאָרף אַריין, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן מוזן וואַרטן אויף דער געלעגנהייט עס זאָל פאַרבייפאָרן אַ פּויעריש פורל. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָרט אויפן פּלאַץ זע־נען געשטאַנען אַ האַלבער טוץ פורן און געוואַרט אויף אַ גע־לעגנהייט עס זאָל זיך מאַכן אַ פּאַסאַזשיר.

דאָ, ברומט מיין ייִד, שטייען די געלעגנהייטן, אָבער מיר וועלן ליבער גיין צופוס.

— פאַרוואָס צופוס?

— עס איז בסך־הכל — ענטפערט מיין ייד — אַ מייל דריי ביזן דאָרף אַריין און מיר וועלן נאָך אָנקומען צו מנחה־מעריב.

איך האָב דעם ייד פאָרגעלייגט צו נעמען אַ „געלעגנ־הייט״ אויף מיין חשבון. און מיר האָבן ביידע אַרויפגעקלעטערט אויף דעם אויסגעבעטן פויערים־וועגל. מיטן פורמאַן צוזאַמען האָבן מיר שוין אויף יעדן פאַל געקענט בענטשן מזומן.

בעת דער נסיעה האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער גרעסטער מענטש אויף דער וועלט איז דער מונקאַטשער צדיק, אַז אין ארץ־ישראל עסן די חלוצים שיקסעס און טאַנצן מיט חזירים, אַז בעלזער חסידים זענען ערגער ווי אַפיקורסים און אַז ציוניסטן דאָס זענען שליחים פון דער סיטרא אַחרא ר״ל.

מיין בעל־עגלה וועלכער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך וויל נאָך אין דעמזעלבן אָוונט צופאָרן צו דער נאָענסטער באַן־סטאַציע האָט מיך שוין פון זיינע הענט נישט אַרויסגעלאָזן. ער איז אַפילו גרייט געווען צו ברענגען אַ מנין יידן אין קרעטשמע אַריין און מיר פאַרשפאָרן די טירחא צו גיין צו מנחה־ומעריב אין בית־המדרש אַריין. ערשט אַז איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל קיין אַנדערן נישט נעמען, האָט ער מיך מיט גרויס פאַראַד אין זיין „דראַבינאַסטעם״ וואָגן אָפּגע־פירט צום בית־המדרש. אַ הילצערנע פויערשע כאַטע, וועלכע צייכנט זיך אויס בלויז דערמיט, וואָס זי האָט אויך אַ פאָדלאָגע פון ברעטער, אין דער צייט, ווען אין דעם גרעסטן טייל דאָרפס־הייזלעך איז קיין זכר פון אַ פוס־באָדן נישטאָ.

נאָכן דאַווענען, האָב איך אַרויסגערופן די „פני״ אין קרעטשמע אַריין און דאָרט ביי אַ גלעזל ביר, האָבן מיר די יידן אין פשוטע אָבער ערלעכע ווערטער געשילדערט זייער שווערן מצב.

נאָך דער מלחמה, בעת דער גרויסער אַגראַר־רעפאָרם, האָבן אַנדערע נאָך פון זיי באַקומען צו שטיקלעך באָדן, דוכט זיך, אַז די רעגירונג האַלט זיך נאָך אַלץ ביי איר אַלטן פּלאַן, צו קאָלאָניזירן אַ טייל פון די באָדן־לאָזע יידן אין יענע דער־פער, אָבער דערווייל איז שלעכט. נאָך שניט לאָזן זיך אַ סך

אַרויס אויף דער מדינה, ווער אַרבעטן און ווער צו ביסלעך אונטערשנאָרן.

אָבער אויף דער נישט-יידישער פויערים-באַפעלקערונג אין געוויסע געגנטן גייט עס נישט בעסער.

דער גוישער „וואָיט", וועלפער האָט זיך צוגעזעצט צו אונז און אַריינגעגאָסן אויפן חשבון פון פאַן דאָקטאָר (דאָס מיינט מען מיך), עטלעכע קעלישעקלעך, האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקן קוריאָז, אָבער דערבייי מיך בעשוואוירן, איך זאָל דאָס נישט „באַשרייבן".

אין דעם שכנות'דיקן דאָרף, האָט דער טשעכישער רויטער-קרייץ, בעת דער גרויסער אומגערעטעניש, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אומזיסט פאַרטיילט לעבנס-מיטל צווישן דער פאַראָרימטער דאָרפישער באַפעלקערונג. צווישן אַנדערן האָט מען אויך געגעבן די פויערים פעקלעך קאַקאַאָ.



די העברעאישע גימנאַזיע אין מוקאַטשעוואָ

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, האָט אַ פאַרבייסאָרנדיקער רעגי־רונגס־בעאַמטער באַמערקט, אַז אַלע הייזער זענען ברוין געקאַלכט, דער ענין איז אים געוואָרן פאַרדעכטיגט און ער האָט אָנגעהויבן נאָך־פאָרשן און זיך דערוואוסט, אַז די פּויערים האָבן נישט געוואוסט אַקוראַט, וואָס מען טוט מיט דעם דאָזיקן ברוינעם מעל און ענדלעך באַשלאָסן, אַז דאָס איז פאַרב... איצטער שילטן די פּויערים און זענען אין כעס פאַרוואָס די דאָזיקע פאַרב וואַשט זיך אַזוי שנעל אָפּ פון דעם רעגן.

אָבער דאָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק, נישט לאַנג נאָכן אונגאַרישן רעזשים, וועלכער האָט די פּויערישע באַפעלקערונג פון דער געגנט געהאַלטן אין פולקאָמען אומ־וויסנהייט, היינט איז די לאַגע אַן אַנדערע. דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעזשים האָט דאָ באַוויזן אַ סך אויפצוטאָן, ווי עס וועט אונדז נאָך ווייטער אויסקומען צו רעדן.

שפּעט ביינאַכט האָבן מיך די דאָרפס־יידן באַגלייט ביז אַ שטיק הינטערן דאָרף, אויפן וועג צו דער באַן־סטאַציע.

מיין בעל־עגלה איז געבליבן ביי דער מיינונג, אַז יידישע זשורנאַליסטן זענען מיליאָנערן, וועלכע קענען זיך באַצאָלן אַ „געל גנהייט" אין מיטן נאַכט.

אונטער־קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, איז ערשט אין יאָר 1920 געגנצ־לעך איבערגעגאַנגען צו דער טשעכאָסלאָוואַקיי — גלייך נאָך דער מלחמה איז עס נאָך טיילווייז געווען אונטער אונגאַרן און טיילווייז אונטער רומעניען, — און די גאַנצע יידישע באַפעל־קערונג האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט בעת די טשעכאָסלאָוואַקן האָבן דאָרט איבע־גענומען די מאַכט.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דעם איבערנעמען פון דער מאַכט דורך די טשעכאָסלאָוואַקן, האָבן נאָך געוויסע יידן ביי דער פאָלקס־ציילונג, זיך דערקלערט אַלס מאַדיאַרן. אָבער באַלד האָבן די יידן איינגעזען זייער טעות, און פאַרשטאַנען אַז אונ־טער דעם נייעם רעזשים, האָט נישט קיין שום צוועק צו פאַרבאַהאַלטן יידישקייט און מען ווערט דאָ בכלל באַטראַכט אַלס בעסערער מענטש, ווען פאַרקערט, מ'זאָגט שטאָלץ, אַז




הויפט·פאָרטאַל פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין מוקאַטשעוואָ

מ׳איז אַ ייד, — נאַציאָנאַליטעט יידיש — און ביי דער צווייטער פאָלקס־ציילונג איז דער מאַדיאַרישער פּראָצענט־זאַץ צווישן סובקאַרפּאַטישע יידן אַראָפּגעפאַלן אויף גאַנצע 99 פּראָצ. און דאָס האָט זיך שטאַרק געשפּירט אין די געדיכט־באַפעלקערטע יידישע שטעט ווי בערעגסאז, אוזשהאראד, מוקאַטשעווא א. א.

אין שכנותדיקן רומעניען לעבן איבער דריי הונדערט טויזנט יידן אין אייגענעם לאַנד אַלס שטאַאַט־לאָזע, און אויך אין פּאָדקאַרפּאַטסקע־רוס, האָט זיך דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, אין דער ערשטער צייט, אַרויסגעשטעלט אין זיין גאַנצער שאַרפקייט ווייל אַ גרויסער טייל פון די דאָרטיקע יידן זענען געווען צו־געוואַנדערטע פון גאַליציע און דאָ געלעבט אַלס עסטרייכישע שטאַאַטס־בירגער ביים איבערביטן פון רעזשים האָבן זיי נישט געהאַט די זעלבע רעכט, ווי די יעניקע וואָס זענען געווען אונגאַרישע בירגער און אַזוי איז אַ גרויסער צאָל געבליבן שטאַאַט־לאָז.

אָבער אין דער צייט, ווען די שכנים טוען אַלץ אין דער וועלט, כדי שווער צו מאַכן די שטאַאַט־לאָזע יידן צו באַקומען זייער בירגערשאַפט, האָט די טשעכאָסלאָוואַ־קישע מאַכט אָנגענומען אַלע מעגלעכע מיטלען איינצובירגערן די דאָזיקע יידן. די בעהערדן פון אַנדערע מלוכות האָבן גע־מאַכט פאַרשידענע שוועריקייטן ביים אויסשטעלן דאָקומענטן פאַר די דאָזיקע יידן, וועלכע זענען מיטאַמאָל, צו גאַליציאַנער, געפאַלן אונטער זייער קאָמפּעטענץ — דאַגעגן האָט די פּראַגער רעגירונג געמאַכט אַלערליי הנחות פאַר זייער איינ־בירגערונג, ביי היינטיקן טאָג עקזיסטירט נאָך אַ פאַרשווינדענדע צאָל פון אַזעלכע שטאַאַט־לאָזע יידן.

ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז די אָרימקייט, ספּעציעל צווישן די דאָרפס־יידן, גרויס און אַ גרויסער טייל פון זיי לעבט אין אָרימע כאַטעס, אין די זעלבע באַדינגונגען ווי די רומענער. אַ שטיקל האָבער־ברויט איז אַ דעליקאַטעס. אָבער דאָס איז נישט קיין ספּעציפיש־יידישע דערשיינונג — און עס יידלט זיך פונקט אַזוי ווי עס קריסטלט זיך.



שילער פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין לאַבאָראַטאָריום

אָבער פּאָד-קאַרפּאַטסקאַ-רוס האָט זיך אירע אייגענע יידישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן מיט פּרנסה נישט קיין די-רעקטן שייכות.

אָט איז למשל, די מחלוקת מוקאַטשעוואָ-בעלז, — וועלכע האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגערודערט, נישט בלויז דאָס לאַנד, נאָר אויך די גאַנצע יידישע וועלט-פּרעסע.

איך וויל עס דאָ בקיצור איבערגעבן:

בעת דער מלחמה, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט אָקו-פּירט האַלב-גאַליציע האָבן גאַליצישע יידן געפּליכטעט אין אַלע איבריקע מדינות פון קיר"ה און דערונטער אויך קיין פּאָד-קאַרפּאַטסקאַ-רוס, דעמאָלס אַ פּראָווינץ פון אונגאַרן. אונטער אַנדערע האָט זיך דער רבישער הויף, די רוקח׳ס פון בעלז, אַריבערגעטראָגן קיין מונקאַטש, און היות אין מונקאַטש האָבן געלעבט אַ גרויסע צאָל אַמאָליקע בעלזער חסידים האָט זיך אויך דער בעלזער הויף דאָ באַלד גוט איינגעבירגערט און אָנ-געהויבן פירן די רבישע מלוכה ביד רמה.


די שול אין מוקאַטשעווא

דער מונקאַטשער רבי, וועלכער שטאַמט אַליין פון דער פּאַנדזער דינאַ־סטיע האָט אָבערשוין דאָ געהאַט זיין אייגענעם „הויף" חאָט די דאָזיקע אויסלענדישע „מלוכה" נישט געקענט פאַרטראָגן. און עס האָט זיך אָנ־געצונדן אַ פייערדיקע מחלוקה, וועלכע איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין גרופּע האָט נישט געגעסן פון דער צווייטערס שחיטה,— מען האָט זיך קעגנזייטיק נישט משדך געווען און שליסלעך האָט זיך דאָ געענדיקט מיט דער שווערסטער אַרטילעריע, וואָס רעליגיעזע יידן פאַרמאָגן—מיט אַ חרם.

למען האמת, מוז מען צוגעבן אַז דער מונקאַטשער רבי שאַפּיראָ, האָט זיך נישט תמיד בענומען ווי אַ דזשענטלמען און האָט קיין קללות נישט געקאַרגט אויפן חשבון פון די בעלזער. עס זענען אויך צווישן די חסידים פאָרגעקומען ווילדע געשלעגן — הקיצור: אַ מלחמה מיט אַלע פּיטשעווקעס וועלכע האָט זיך בארויקט נאָכדעם, ווי דער בעלזער הויף האָט „עוואַקויִרט" די פאַרנומענע פּאָזיציעס און זיך צוריקגעצויגן קיין בעלז.

באַרואיקט, אָבער נישט געענדיקט, ווייל דער מונקאטשער צדיק האָט אַזויפיל פריינט ווי געגנערס און פירט זיין מלוכה ביד רמה. ער מאַכט פּאָליטיק און גיט זיינע חסידים באַפעלן ווי זיך צו פירן בעת די וואַלן, באַקעמפט ציוניזם און ציו־ניסטן און איז פעסט איבערצייגט אַז פרומער פאַר אים איז נאָר דער מארי דעלמא... און פאַרקאָפּאַטסקער יידן זענען טאַקע

אָרעם, אָבער זיי האָבן אַ סך גלויבן הן אין רבונו־של־עולם און הן אין זיין פאַרטרעטער דעם רבין – ווען זיי געבן אָפּ די לעצטע גראָשנס.

אַזוי האָט זיך לעצטנס שטאַרק געטומלט אין דער גאַנצער טשעכאָסלאָוואַקישער פרעסע איבער דער פראַכטפולער חתונה וואָס דער מונקאַטשער רבי האָט געמאַכט פאַר זיין טאָכטער און וועלכע האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן פון אַ וואָסער מיליאָן קראָן, ווי מאַנכע צייטונגען האָבן געוואוסט צו מאַכן דעם חשבון.

אָבער מונקאַטש האָט נישט בלויז אַ רבין — די שטאָט מיט אַ 60־פּראָצענטיקער יידישער באַפעלקערונג האָט אַ גוט־אָרגאַניזירטע קהלה, אַ גרויסע ציוניסטישע באַוועגונג און אַ באַגייסטערטע נאַציאָנאַל־יידישער יוגנט.

מונקאַטש האָט, אויפן סמך פון דער נאַציאָנאַלער יידי־שער אויטאָנאָמיע, אַ גרויסע מלוכהשע העברעאישע גימנאַזיע, אין וועלכער עס לערנען זיך הונדערטער יונגע יידן פון דער גאַנצער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק (זע ווייטער די סטאַ־טיסטיק) הקיצור, מיט איין וואָרט, מונקאַטש איז אַ עיר ואם בישראל מיט אַלע אירע מעלות און חסרונות.

אין פּאָד־קאַרפּאַטסקאַ־רוס געפינען זיך נאָך אַנדערע העב־רעאישע שולן מיט מלוכהשע רעכט.

אין אַן אינטערוויו, וואָס דער רעגירונגס־קאָמיסאַר פאַר מונקאַטש ה. טופּאליק האָט געגעבן זאָגט ער צווו. אַ.:

...„די יידן מוזן זיך באַוואוסט מאַכן אַז זיי לעבן נישט מער אונטער די מאַדיאַרן, וואו זיי האָבן פון אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן אפילו נישט געקענט חלומען, נאָר אין אַ פרייער, דעמאָ־קראַטישער רעפּובליק אַלס אַ פריי פאָלק".

אַזעלכע ווערטער זענען אין אונזערע צייטן אַ יקר־המציאות.

פון די באַדייטנדיקע יידישע שטעט אין פּאָד-קאַרפּאַטסקאָ-רוס, איז כּדי צו פאַרצייכענען בערעקסאַז. די שטאָט פון וויין-קעלערן מיט אַ וועלט-נאָמען.

פון די דריי טויזנט יידן דאָרט, באַשעפטיקט זיך אַ גרויסער טייל מיט יין וקידוש להבדלה און נאָך אַ גרעסערער טייל מיט פּשוט וויין, פאַר יעדערן וואָס וויל טרינקען.

די שטאָט איז פּראַכטפול-געלעגן, כּמעט שוין אין טאָל ביים אויסגאַנג פון די קאַרפּאַטן. פון אידישקייט האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן איינע פון די שענסטע סינאַגאָגן, אַ קליינע ישיבה, און אַ גוט געאָרדנטע קהלה.

בערעקסאַז איז האַלב סטאַטוס-קוואָ און האַלב אָרטאָדאָקסיש. און דאָ וועל איך באַנוצן די געלעגנהייט צו באַקענען מיין לעזער מיט דעם גאַנץ אייגנאַרטיקן געבוי פון די יידישע קהלות אין דער סלאָוואַקיי און טיילווייז אין פּאָד-קאַרפּאַטסקאָ-רוס, אַ מין משוגהדיקער געזעלשאַפטלעכער בנין, וועלכער האָט נאָר געקענט אויסוואַקסן אויף דעם נישט געזונטן באָדן פון דעם אַמאָליקן אונגאַרן.

מיר מוזן איבערמישן אַ פּאָר בלאַט געשיכטע – אַזש ביז צו די יאָרן 1848—60 דאַמאָ"ס ווען די יידן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער אימפּעריע האָבן באַקומען געוויסע אויטאָנאָמע קהלה-רעכט.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען ליבעראַליזם און אַסימילאַציע זענען געגאַנגען האַנט אין האַנט. עס זענען דאַן אַנטשטאַנען דאָפּלטע יידישע קהלות אָרטאָדאָקסן און „נעאָלאָגן" אויף אונזער לשון אַסימילאַנטן – אויף זייער לשון — פאָרטשריטלער. די רעגירונג האָט לגמרי נישט קרום געקוקט אויפן פּירוד אין יידנטום. אָבער צווישן די יידן אַליין איז אַנשטאַנען נאָך אַ דריטע גרופּע, וועלכע זענען נישט געווען קיין נעאָלאָגן, נישט געשפּילט קיין אָרגל ביי די סינאַגאָגן, געפירט זיך כּשר יידיש לויטן שלחן-ערוך, אָבער קיין אָרטאָדאָקסן זענען זיי אויך נישט געווען, און אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ מין כּוי, ספק אָרטאָדאָקס, ספק נעאָלאָג. און די דאָזיקע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין

אַ דריטן סאָרט קהלות אונטערן נאָמען סטאַטוס-קוואָ הן מלכותא דארעה, הן מלכותא דרקיעה.

די דאָזיקע יידן האָבן געגאָסן פון ביידע פארטייען. זיי האָבן זיך אָנגעטון, מער אָדער ווייניקער, אייראָפעאיש אָבער נישט אינגאַנצן ווי די נעאָלאָגן. אויף וועלכער זאַך עס איז גע-ווען, אויפן „לעגאַלן וועג" צו געפינען אַ שטיקל היתר'ל אין שלחן־ערוך, האָבן זיי עס גערן אויסגענוצט. די אָרטאָדאָקסן פון זייער שחיטה האָבן נישט געגעסן און זיי, הגם נישט אָנערקע-נענדיק די פאָנטיפיקאַלע רעכט פון דער אָרטאָדאָקסיע, האָבן פון דער שחיטה פון די לעצטע דווקא יאָ געגעסן. מען רעדט דאָ נישט פון די נעאָלאָגן, וועלכע האָבן אין גאַנצן געענדערט די קאָנסטיטוציע, און זיך איינגעריכטעט תורת־משה, איך וואָלט זאָגן, ווי להבדיל, אויפן קאַטוילישן מוסטער.



וועלקאַ בערעזנאַ אַ טיפּיש שטעטל אין פּאָד־קאַרפּאַטסקאַ-רוס

אַז די טשעכאָסלאָוואַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָבן זיי אָנגעטראָפן די באמת אייזפלוסרייכע, לאַנדעס־קולטוס-קאַנצליי פון די אָרטאָדאָקסן אין בראַטיסלאַווע. דריי פאַרשידענע קהלות אין יעדער גרעסערער שטאָט און די אויבן אויסגע-רעכנטע דיפערענצן, וועלכע זענען, ביזן היינטיקן טאָג, נאָך

שטאַרק איינגעוואָרצלט בײַ די ייִדן אין די מזרח טײלן פון דער רעפּובליק.

פאַראַן אָבער שטעט וואו איינע פון די דרײַ ייִדישע „לאַנדעס־רעליגיעס" זענען די דאָמינירנדיקע, דאַן זענען די אַנדערע שטיקלעך אנוסים. עס איז אייגנטלעך אַביסל צו שאַרף, ווײַל סוף כּל סוף זענען אי די אָרטאָדאָקסן אי די סטאַטוס־קוואָער (אגב זענעז די דאָזיקע ווערטער — סטאַטוס־קוואָ - אַזוי פאַרגרייזט, אַז די סלאָוואַקישע ייִדן רופן זיי שטאַטעס־קוואַר). סוף כּל סוף נאָר ייִדישע גזלנים און עס האָט זיך אין ערגעץ נישט געהערט, אַז איינע פון די דאָזיקע קהלות, זאָל האָבן אַן אינקוויזיציע־געריכט אָדער אַן אויטאָ־דאַפע. זעט איר די נעאָלאָגן זענען גאָט די נשמה שולדיק אין אפילו דאָס אויך נישט, מחמת זייערע שולן פּוסטעווען צוביסלעך אונטער און זייער גאַנץ ייִדישקייט, — נאַט אייך דערפאַר אַ גראָשן.

דערפאַר, זענען די נעאָלאָגישע ייִדן נישט קיין אָרימע לייט (און אפשר נישט דערפאַר) זיי גרופּירן זיך צווישן די אינטעלעקטועלע און אינדוסטריעלע. קיין געלט פעלט נישט אין זייערע רייען, און זייערע קהלות זענען אָפּטמאָל רייך און מוסטערהאַפט אָרגאַניזירט.

וואָס אַן אָרטאָדאָקס איז, האָב איך נישט וואָס צו שרײַבן, ווײַל איך שרײַב מײַן בוך נישט פאַר קיין גויים. און הגם דער באַגריף „אָרטאָדאָקסיע" איז צו אונז געקומען דירעקט פון דער קירכע, האָבן עס ייִדן, גוט צעקײַט און בעסער „עקספּלאָאַטירט", אַ קליינינקייט, איר שפּילט זיך מיט ייִדישע פּעיקייטן.

שטאַטעס־קוואַר, איז שוין פאַר אונז אַ ביסל א האַרטערער באַגריף, און הגם מיר האָבן אין ארץ ישראל לעצטנס געהאַט פּרעצעדענטן פון סטאַטוס־קוואָ, האָט עס מיטן טשעכאָסלאָוואַקישן „שטאַטעס־קוואַר" אַזוי פיל שייכות ווי „אָרטאָדאָקסיע" מיט פרומען ייִדישקייט.

דער חילוק צווישן אַ סטאַטוס־קוואָער און נעאָלאָגישן ייִדן, איז קודם כּל, וואָס דער לעצטער ראַזירט זיך די מאָרדע.

בעת דער ערשטער נעמט אָראָפּ זיין באָרד. דער סטאַטוס-קוואָ-ער באַזוכט דאָס „קאַווע-בית" און דער נעלאָג אויך, אָבער אין דער צייט, ווען דער נעאָלאָג עסט אַ קאַפּיטשקע טריפה, און שבת נאָכן דאַווענען גייט ער אין געשעפט אַריין. האָט דער סטאַטוס-קוואָער שבת פאַרמאַכט זיין געשעפט, אָבער אין קאַווע-בית האָט ער אַ קאָנטע פאַר שבתים און יום־טובים. און אין דער וואָכן טוט ער נישט פריער אויס דעם קאַפּעליוש ביז ער האָט קיין ברכה נישט געמאַכט איבער זיין קאַווע. אַלץ איז ביי אים גערעגלט לויטן שלחן ערוך און וואָס עס שטייט נישט אין שלחן ערוך – מעג מען.

כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגענדיקער אַנעקדאָט, וועלכער אילוסטרירט די מענטאַליטעט פון דעם מין פרומקייט:

בעת אַ סטאַטוס-קוואָער ייד, איז יום־כפור ביי דער נאַכט אַ היים געקומען פון דער שול, האָט ער אָנגעטראָפן זיינע צוויי בנים שפּילן אין קאָרטן.

איז אין אים אַריין אַ הייליקער צאָרן און ער האָט זיך גענומען זידלען, מיט זיינע צוויי בחורים, אין וועלכע ער האָט אַריינגעפּאָמפּט אַזויפיל שלחן-ערוך־יידישקייט.

– גזלנים, אַפּיקורסים, האָט ער מיט זיי איינגעטעהנעט. יום-כפור ביי דער נאַכט שפּילט איר קאָרטן?

אָבער די בחורימלעך, וועלכע האָבן מיטן ראַבינער פאַר ימים-נוראים דורכגעלערנט דעם גאַנצן שלחן-ערוך הלכות יום־כפור, האָבן געהאַט איין ענטפער: באַווייז אונז טאַטע, אַז עס שטייט וואו אין שלחן־ערוך, אַז יום-כפור ביי דער נאַכט טאָר מען נישט שפּילן אין קאָרטן?

דער ייד האָט האַסטיק דורכגעבלעטערט גאַנץ הלכות יום-כפור און האָט אַזאַ דין נישט געפונען.

אומבאַהאָלפן האָט ער טרויעריק צוגעקוקט, צום יום-כפורדיקן קאָרטן שפּיל און פאַר זיך געברומט: וואָס קען מען טאָן, אַז מען האָט קינדער לומדים...

איך נעם זיך נישט אונטער צו גאַראַנטירן פאַר דער אוי-טענטישקייט פון דעם דאָזיקן אַנעקדאָט, אָבער די אילוסטראַציע

קען נישט זיין בולטער.

איצטער אונטער דער השפּעה פון ציוניזם און דער פרייער אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייט, וואָס ווערט די יידן געבאָטן מצד דער מלוכה, פאַרשווינדן צו ביסלעך די דאָזיקע קאָנטראַסטן. און אין דעם טייל טשעכאָסלאָוואַקיי וואַקסט אויס אַ יונגער באַוווסטזיניקער נייער יידישער דור.



מאָדערן קינדער־היים אין מוקאַטשעוואָ

איידער מיר פאָרן אַרויס פון דעם דאָזיקן לאַנד, לוינט זיך צו דערמאָנען די גרויסע דערגרייכונגען פאַר דער צייט פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער הערשאַפט אויף אַלע געביטן פון מסחר און אינדוסטרי, אָפּגערעדט פון דער פּאָליטיק און פּאָליטישע פרייהייטן.

די הויפּט־אינדוסטרי־צווייגן, וואַלד און זעגערייען, די אייגנאַרטיקע פרימיטיוו־שיינע קליין קעראַמיק, די שוועבעלעך פאַבּריקן און די זאַלץ־גרובנס פון פאָד־קאַרפּאַטסקאַ־רוס. פאַר אַ ביישפּיל קענען דינען די זאַלץ־גרובנס אין סלאַטינאַ, וועלכע האָבן אין יאָר 1906 באַשעפטיקט ארום 400 אַרבעטער און אַרויסגעגעבן אַרום 48.000 טאָן זאַלץ, בעת אין 1928 האָבן

דאָרט געפונען אַרבעט קנאַפּע 2.000 אַרבעטער מיט אַ - טאָנאַזש פון קנאַפּע 150,000 טאָנען זאַלץ.

דער שטאַאַט האָט אין משך פון די 16, 17 יאָר אינוועס־טירט הונדערטער מיליאָנען אין עפנטלעכע אַרבעטן פאַר דעם דאָזיקן לאַנד, וועלכעס איז אונטער דער אונגאַרישער הערשאַפט צוריק געשטאַנען מיט 500 יאָר פון איבעריקן אייראָפּע. קאַנאַ־ליזאַציע, שאָסייען, עלעקטריש־ליכט א. א. עפנטלעכע איינריכ־טונגען דאָס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג די הויפּט־באַשעפטי־קונג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי אין דעם דאָזיקן אַנטליגענעם פּונקט פון איר רעפּובליק. דאָ האָט מען געמוזט אָנהויבן כמעט ביים אלף־בית, פון מעשה־בראשית.

אויפן וועג קיין יאַס'נאַ, בין איך געפאָרן מיט אַ באַרע־דעוודיקן יידן, וועלכער האָט מיך קודם, רעקווירירט צום מנין, וואָס די יידישע פּאַסאַזשירן האָבן געמאַכט אין אַ שכנותדיקן וואַגאָן צו מנחה ומעריב. און שפּעטער מיך געוואָלט איבערצייגן, אין דער ריכטיקייט פון דער מוקאַטשעווער וועלט־אויפפאַסונג, און שליסלעך זענען מיר אַריבער אויף דער פּאָליטיק.

פרנסה ווי פרנסה – פילאָזאָפירט מיין יידל, – מיר האָבן נישט ווייניקער און זיי האָבן נישט מער, אָבער פּאָליטיק און דאָס, וואָס איר רופט אָן בילדונג – דרך ארץ פאַר די טשעכן.

אויך ביים אַלסן רעזשים האָבן מיר דאָ געהאַט אַלע פיר יאָר וואַלן, אָבער ווייסט איר ווי אַזוי מען האָט געוויילט? זשאַנדאַרמען האָבן צוזאַמענגעטריבן די וויילערס און זיי באַ־פוילן צו שטימען. העכסטנס האָט דער סאָלטיס באַקומען אַ פלעשל בראָנפן, אָבער על פי רוב, האָט די אָרימע פויערים באַפעלקערונג באַקומען מער קלעפּ ווי דער קאַנדידאַט שטימען. אַ קאַנדידאַט וועמען זיי האָבן קיינמאָל אויף די אויגן נישט אָנגעזען. עפּעס אַ פריץ, וועלכער האָט פאַראַכטעט דעם פויער אַלס אַ מינדערוועטיק באַשעפעניש, און ער האָט עס פאַר־טראָטן זיינע אינטערעסן. – איך זאָג זיינע, זיינע אָבער נישט דעם פויערס.

היינט, באַגײַסטערט זיך מײַן יידל, קומען רעדנערס, די אייגענע פויערים איבערהויפּט דאָס יונגוואַרג, אויסגעבילדעט דורך דער רעפּובליק, מישן זיך אין דער פּאָליטיק, האַלטן פײַער־דיקע רעדעס און ווייסט גאָט ווי מענטשן קאָנען זיך במשך פון געציילטע עטלעכע יאָר ענדערן.

אונזער שנעל־צוג רייסט זיך אַלץ העכער און העכער אַרײַן אין געבירג. מיר דערנענטערן זיך צו יאַסינאַ, דאָס פאַר־וואָרפנסטע שטעטל אין ווייטסטן, טעמפּסטן ווינקל פון לאַנד, וועלכעס ליגט אויפן רוקן פון די קאַרפּאַטן.

סטאַדעס שאָף וואָס פּאַשן זיך אויף די בערג, פּאַראַטן איינע פון די הויפּט־באַשעפטיקונגען פון די תּושבים פון דעם דאָזיקן ווינקל, די סלאָוואַן־הוצולן. געדיכטע אורוועלדער צו ביידע זייטן פון דער שטרעקע. מיניאַטורנע הילצערנע ק׳רכעס, וואָס פאַלן אין ראָמאַנטיש הענגענדיקע בריקן. פויערים און פויערטעס אין זייערע מאָלערישע בגדים, ווינקען פרײַלעך צו די וואַגאָן־פענסטער און אַזוי ווייט ווי דאָס אויג דערגרייכט—אַ גרינע בערג־קייט אין זיך בייטנדיקע פאַרבן—דער אויסגאַנג פון די טשעכאָסלאָוואַקישע קאַרפּאַטן. אַמאָל אַ פאַרגעסענער ווינקל פון אונגאַרן — היינט, אַ לאַנד אין אויפבוי, אַ פאָלק אין ווי־דער געבורט.



# אַ שפּאַציר איבער די „וואַרים־בעדער"



די „פּראָמענאַדע" אין מאַרינבאַד

איך פּאָר און טראַכט בײַ זיך: — עס לוינט צו גלויבן אין משיח׳ן. פאַר דעם פאָלק פון דאָזיקן לאַנד איז עס געווען מער ווי משיח, דאָס איז געווען די אומפּאַרהאָפטע גאולה, — נעכטן אַן אומוויסנדע אומבאַוואוסטזיניקע מאַסע, הײַנט אַ סוווערען פאָלק, מיטבויער און מיטשעפער פון אַ נײַעם שענערן מאָרגען.

איר געדענקט נאָך, מן הסתם, שלום עליכמס גײַסטרײַכע געשיכטעלע מיט יענעם סוחר, וועלכער פּאָרט קײן יעהופּיץ פאַרקויפן סחורה און נאָכדעם ווי ער האָט דערלעדיקט זײַנע עסקים, גייט ער אין דער פּאָסט טעלעגראַפירן צו זײַן ווײַב:

ליבע יענטע, סחורה פּאַרקויפט, מקחים גוטע, מאָרגן קום איך אַ היים — יאַנקל.

אָבער אַז ער קומט צו צום פענסטערל פון פּאָסט-אַמט און דערוויסט זיך אַז אַ וואָרט קאָסט 15 קאָפּיקעס טראַכט ער ביי זיך, מען דאַרף פאַרקלענערן די טעלעגראַמע.

און דער ייד רייבט זיך דעם שטערן, לאָמיר זיך נאָר אַ ווײַלע פאַרטראַכטן: —

ליבע יענטע. צו וואָס ליבע יענטע? איך וועל דען שרייבן צו אַן אַנדערע אשה?

און ווייטער: — סחורה פאַרקויפט. צי וואָס דען בין איך אַ הער געפאָרן?

אַי וואָס שייך גוטע מקחים?

דאָס קען מען איר רעזערווירן פאַר אַ סיורפּריז.

בלייבט נאָך, הייסט עס, איך קום אַ היים? —

און אַז נישט וועט זי מיינען, אַז איך פאָר קיין פּעטערבורג?

איז בלויז נאָך פאַרבליבן: יאַנקל?

טפו שונאי ציון, טאָ וואָס-זשע, ווייס נישט מיין יידענע אַז איך הייס יאַנקל?

און דער ייד קומט צום אויספיר אַז היות אַלץ איז קלאָר טאָ צו וואָס טעלעגראַפירן?..

אָט אַזוי ווי דער ייד שלום עליכמ׳ס העלד, האָב איך זיך געטראַכט בעת איך בין געפאָרן באַזוכן קאַרלסבאַד און די איבעריקע באַרימטע טשעכאָסלאָוואַקישע בעדער און קור-ערטער.

וואָס שרייבן פון קאַרלסבאַד, וועלכעס איז אַ ספּעציפיש יידיש קור-אָרט אָדער פון פראַנצעסבאַד, וואו נישט בלויז דאָקטוירים נאָר אויך רביים, שיקן אַה״ן עקרות? טאָ אפשר גאָר שרייבן פון פישטשאַן, וואו אַ וועלט יידן פאָרן זיך היילן פון רעוומאַטיזם, אָבער נישט שרייבן וואָלט געהייסן אַרויסלאָזן איינע פון די אינטערעסאַנטסטע טיילן פון מיין רעפּאָרטאַזש.

אמת, אַ וועלט קען די דאָזיקע מקומות, אָבער דווקא דערפאַר איז עס אפשר אינטערעסאַנט. פאַר וועמען דאָס וועט זיין ניי און פאַר וועמען אָנגענעמע זכרונות.



עס איז שווער איבער קאַרלסבאַד צו שרייבן, נישט ווייל עס איז נישטאָ וואָס צו שרייבן, נאָר ווייל עס איז דאָ צופיל. וואָס זאָל איך שרייבן, איבער די יידן פון אַלע שטעט און לענדער, וועלכע פאַרפילן די פּראָמענאַדעס? איבער די רביים און רבנים, וועלכע קומען דאַ אַהער נישט בלויז צוליב זייער געזונטהייט, נאָר אויך דערפאַר וואָס מען דאַרף זיך „באַווייזן". פונקט, ווי להבדיל די אומות העולם, וועלכע מאַכן מאַנעווערעס און מיליטערישע פּאַראַדעס... פאַרשטייט זיך, אַז חסידישע רביים האָבן נישט אַזאַ מגושמדיקע זאַך ווי סאָלדאַטן, דערפאַר זוכט איינער דעם אַנדערן איבערצושטייגן מיטן שטאַב חסידים.

און דאָס איז נישט פון היינט. י. י. זינגער באַשרייבט אין זיין מוסטערהאַפטן ראָמאַן „יאָשע קאַלב" קאַרלסבאַד, און מאָריס שוואַרץ האָט עס אַזוי גלענצנד פאַרשטאַנען צו כאַראַקטעריזירן, דעם אויפענטהאַלט פון די צוויי רביים אין קאַרלסבאַד ווי מיר זען עס אין די ערשטע סצענעס פון „יאָשע קאַלב" אויף דער בינע.

דער ניעשאַווער צדיק, מיט זיינע באַשטריימלטע חסידים, און דער ראַכמאַניווקער מיט זיינע לומדישע חסידים אויף דער קאָלאָנאַדע אין קאַרלסבאַד — דער אינטערנאַציאָנאַלער טרעפּ-פונקט פאַר רביים און סוחרים, פּאָליטיקער און קורטיזאַנעס; און ווער קומט נ שט קיין קאַרלסבאַד?

אָבער נויטיקער פאַר אַלץ האָבן עס אונזערע יידן. און די פאַרשידענע אדמורים האָבן עס באַשטימט געמאַכט מיט כוונה און צירופים; ווייל, איך בעט אייך זייער, ווער האָט נאָך אַזוי נויטיק קאַרלסבאַד, ווי אַ ייד אַ חסיד, וועלכער פאַרלייגט זיך דעם מאָגן אַ גאַנץ יאָר מיט געפעפערטע פיש, געגזענע פופקעס און קוגל-שיריים?



קאַרלסבאַד

אין קאַרלסבאַד הייסט דער דאָקטאָר גיין שפּאַצירן אויף די פּרעכטיקע בערג און וואַלד־פּראָמענאַדן, אין קאַרלסבאַד לערנט זיך אַ ייד אויס עסן אין דער צייט, און דער עיקר אַביסל לייכטערע מאכלים ווי אין דער היים. ווייל סוף כל סוף אַ ייד גיט שוין אויס די פּאָר גראָצערס צו פאָרן אין די וואַרים־בעדער איז ער פאַר איין וועגס טשיקאַווע צו וויסן צי העלפט עס טאַקע. טרינקט ער די מים־המרים און עסט אַני־ שטאָט פּופּיקלעך, כל המינים ירקות און איך ווייס דאָרטן וואָס נאָך פאַראַ מינים זאַכן.

ווער עס קומט איין מאָל קיין קאַרלסבאַד, קומט נאָכאַ־ מאָל און נאָכאַמאַל, רביים זאָגן, אַז עס איז א סגולה צו אריכת ימים, און זענען לגמרי נישט ווייט פון דעם אמת.

באַשרייבן קאַרלסבאַד מיט אירע אומצייליקע בעדער, קורן און הייל־אַנשטאַלטן, בין איך ערשטנס נישט קוואַליפיצירט דער־ צו, צווייטנס איז עס אַביסל סקוטשנע ווייל ערנסט — און דאָס איז איבעריקנס אַן ענין פאַר דאָקטוירים.

איך האָב דערזעבער אויסגעזוכט אַן אַנדער געביט, אין וועלכן איך פיל זיך פרייער, לייכטער און וועלכעס איך גלויב, איז אויך אינטערעסאַנטער פון ריין זשורנאַליסטישן שטאַנדפּונקט.

איך האָב אויסגעזוכט דעם שטאָט־אַרכיוו פון קאַרלסבאַד, און האָב דאָרט געפונען אַן אוצר, פאַרשטייט זיך אַ פּאַפּירענעם, אָבער דאָך אַן אוצר.

איך האָב געפונען בריוו און לידער פון היינריך היינע, געדיכטן פון אומבאַקאַנטע דיכטער אין אַלע שפּראַכן אין דער וועלט, צושריפטן פון שרייבערס, מלוכה־לייט; אַלע פאַרטרעטער פון דער געזעלשאַפט, פון אוראַלטע צייטן אָן האָבן עס געפונען פאַר נויטיק דאָ איבערצולאָזן אַ זכר. מיר וועלן דאָ געבן אייניקע אויסצוגן פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע.

אָט איז אַ ליד געדיכטעט אין 15־טן יאָרהונדערט פון פּרינץ אזעלשטיין פאָן לאַפּקאָוויץ, און משמעות, אַז דאָס דאָזיקע ליד, האָט אינם לויף פון די יאָרהונדערטער אינספּירירט אַלץ נייע מענטשן.

דאָס ליד איז לויט דער מאָדע פון יענע צייטן געדיכטעט אין לאַטייניש, און איבערזעצט אין אַלע מעגלעכע שפּראַכן, אין פאַרשידענע צייטן פון דעם מענטשן־מוראַשניק די קאָסמאָפּאָליטיע, וואָס קומט זיך דאָ צוזאַמען יאָר איין יאָר אויס.

די דייטשע איבערזעצונג איז פון אַ קייזער-קעניגליכן פּראָפעסאָר, דאַגעגן איז די שוועדישע פון אַ קאַמער-הער, קעניגליכן געהיים-סעקרעטאַר און נאָך אַ האַלב טוץ טיטולן.

די פראַנצויזישע איבערזעצונג איז פון אַ פּאַסטאָר און די איטאַליענישע ווייטער פון אַ פּראָפעסאָר. דאַגעגן איז דאָס פּאָרטוגעזישע איבערזעצט פון אַ דאָקטאָר, די שפּאַנישע האָט איבערזעצט אַ גענעראַל און אַ צווייטע אַ מיניסטער.

אויף העברעאיש פון וואַנען מיר געבן דעם אויסצוג זענען פאַראַן צוויי איבערזעצונגען, ביידע פון אומבאַקאַנטע דיכטער פון פאַריקן יאָרהונדערט. לויט די נעמען זענען דאָס טשעכישע יידן. די ערשטע פון אַ געוויסן יהודה ייטעלעס, און די צווייטע פון מ. לאַנדוי.

איך גיב דאָ די טעקסטן ווי זיי זענען און די קריטיק לאָז איך פאַר פּראָפעסיאָנאַלן. געשריבן זענען זיי ביידע אַרום אָנפאַנג 19־טן יאָרהונדערט.

אָט איז די ערשטע איבערזעצונג פון ייטעלעס.

## על המעין אשר בקרלסבד.

מבוע מים, אשר לך יאתה רנת בנות השיר,
מאין מוצא לחמך? אם בתחום, פרץ נחל גפרית
ומשרפות סיד ירתיחו סיר מצלה לקצת אשך?
אם לפידים מהר עטנא יתמלטו ללהב גחליו,
ילהט שביב אורך? אם כצוצי שלהבת מגיא תפת
יהלכו, בך יתלכדו ולא יתפרדו להגדיל מדורתך
מעין מחבש לנשברת, פלגות באיע לא יזל מזור
עולה עליך, מנבחי נחל שימאווס, בל תצמח ארוכה
יתר שאת ממך, לא תשוה לך מקות רהיין מסב
קרית רב
מקום שם קבר איש המופת, המלך קארל הגדול
איך בסאון רעש יקיר בוד מימיה, בקול הומיה יפלו
ארצה, להרביק אבניה בפוך עין מראה הקשת
יפיצו מעינותיך לנבאים צרי ומרפא עד בלי ירח!
שבע ימים ירוו מקוריך, יוסיף עצמה, יחליף כח,
עצמותיו ישאו עלומים, דשנות לרעננים תהיינה!
חדש חן בשת פני העלמה, תפרח כחבצלת השרון!
חסר חלי ומדוה, והבא אל העין וטובל גוז הנהלא,
במי הישועה, ישוב נוהו אולם, לב שובע שמחות.

דער צווייטער איבערזעצער, העד לאַנדוי, שרייבט אויף זיין ליד „העתקה חפשית” דערפאַר איז די שפּראַך טאַקע אַ סך קלאָגעדיקער און ווער ווייס וואָס פאַראַ ביאַליק עס איז אונז פאַרלוירן געגאַנגען.

די לידער זענען שלעכט אָדער גוט, אָבער אויב איר קענט דערפון עפּעס פאַרשטיין, האָב איך גאָרנישט דאַגעגן. אויף יעדן פאַל האַלט איך עס פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן קאַרלסבאַד.

* * *

כל בנות השיר תזמרנה לך כבוד, לך מעין נאוה תהילה
מאין רותחו מימיך? רותחו ולא דמו כנחל גפרית ושיד?
נפלאו ממני! האם תבאר בך אש מתלקחת?
אש אשר כנזה מתחת אתנא ההר?
האם להבה עמוקה משאול? — יסובבך נחלי בליעל?
בושו והכלימו מעיני טבריה אשר שמכם עלי אדמות
למופת יקרא
אתה מביע מפיק לפיד יהלך, בטנך גחלים תלהט —
אבן מאסו הבונים תבלע, להשיבה לאבן יקרה
תלבשתה בהדר, בהיר מעמודי שיש במראה הקשת
אשר בענן —
ועתה מקור חיים! במה אברכך? לדור דורים יזלו
מימיך
יזלו לישע עמים, לכולם אשר באו עדיך
גבור אני, יאמר החלש, ושב תחדש כעורין
לעלמה אשר נדעכו לחייה, כשושנה האדם רקחת
המים האלו ירפאו כל מחלה רפואה תעלה
כל בשר מעין אשר ידרוש אותו בחליו
ואשר ירחץ בך ישוב לביתו חזק ואמיץ
איתן יהיה מושבו את נחלה עליו שפרה.

איך האָב דאָ געגעבן די צוויי טשעקאָווע געדיכטן, איינס איבערזעצט און די צווייטע „פריי" צוזאַמענגעקליבן פון תרגום אונקלס, קרובץ לפורים, און די גרויסע שטיקער פיוט פון די אַלטע מחזורים, וועלכע קיין מענטש זאָגט נישט מער.

קאַרלסבאַד

די פּראָמענאַדע



וואָלט איך דעם דיכטער אַלץ מוחל געווען, ווען ער פאַרטשעפּעט זיך נישט מיט אונזער טבריה. און גראָד די איינע פראַזע וואָס איז אַביסל פאַרשטענדלעך, זידלט זיך גאָר מיט טבריה. קאַרלסבאַד איז זיך אַ פיינע שטאָט, און פון טבריה ביז קאַרלסבאַד פאָרט מען דאָך 8 טעג, היינט דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז בעת דער דאָזיקער „פּאָעט" האָט געשריבן איז דאָך טבריה געווען ווייס גאָט ווי ווייט.

אָבער נישט, בלויז לאַנדוי און ייטעלעס, נאָר אויך שילער און געהטע האָבן איבער קאַרלסבאַד געשריבן.

פאַר אַ קוריאָז, ברענג איך דאָ אַ פּאָר שורות פון אַ בריוול, וואָס ליגט דאָ נישט פאַרענדיקט פון געהטע צו שילער.

געהטע, וועלכער איז אָנגעקומען פון פרייסן איז געווען אַנטציקט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּובליקום, וואָס ער האָט דאָ געטראָפן.

ער שרייבט:

מען קען אַדורכפאָרן הונדערטער מיילן און נישט זען אַזויפיל מענטשן אַזוי נאָענט ווי מען זעט זיי דאָ. קיינער איז נישט ביי זיך אין דער היים, און דעריבער צוגענגלעכער. די מענטשן ווייזן זיך דאָ פון אַ בעסערער זייט.

געהטע האָט דאָ געשריבן אַ מאַסע לידער, איבערהויפּט האָט ער זיך באַמיט, ווען די קייזערלעכע און קעניגלעכע „האָכ־הייטן" זענען אַראָפּגעקומען קיין קאַרלסבאַד.

אָבער אַז געהטע האָט געדיכטעט איז קיין חידוש נישט. און דעריבער בלעטערן מיר ווייטער אין די פאַרשידענע גע־דיכטן פון שוועדישע לייטנאַנטן, רוסישע פּולקאָווניקעס און אונגאַרישע אָבער־שטייער־בעאַמטע. אָט אַזאַ איז שוין קאַרלס־באַדער לופט, וואָס מאַכט פון איספּראַווניקעס און גענעראַלן —דיכטער. פאַרשטייט זיך, אַז עס פעלן נישט צווישן די גע־דיכטן קיין יידישע נעמען; אונטער אַנדערן אַ געדיכט אין דייטש פון פרישמאַן. איך ווייס אָבער נישט צי דאָס איז אונזער

פרישמאַן, ווייל גלייך אין דער ערשטער סטראָפע באַגריסט ער זיך מיט גאָט. און דוד פרישמאַן, האָט ווי באַוווּסט, געהאַט זייער קאָמפּליצירטע דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיטן רבונו של עולם.

פון שלום עליכמ׳ן זענען פאַראַן עטלעכע ווערטער. מען זאָגט, אַז אין קאַרלסבאַד איז אויך דאָ אַ געדענק־טאָוול פון שלום־עליכמען, איך האָב אים אָבער אַלענפאַלס נישט געזען.

צווישן די פאַרשידענע מאַטעריאַלן איבער קאַרלסבאַד, איז פאַראַן אַן אַרטיקל פון מאַקס נאָרדוי, און היות מיר זענען זיך אַלע איינים, אַז דער מחבר פון די „פאַראַדאָקסן" איז געווען „נישט קיין שלעכטער שרייבער", טאָ וועלן מיר דאָ טאַקע איבערגעבן זיין אַרטיקל. אַ שאָד נאָר וואָס עס איז דערויף קיין דאַטום נישט אָנגעגעבן. אָבער נאָרדויס אַרטיקלען פונקט אַזוי ווי די דאָזיקע שטאָט, איבער וועלכער ער שרייבט דאָ, זענען תמיד אַקטועל:

„יעדער סאָציאַביליטעט — הויבט אָן נאָרדוי אין זיין אַרטיקל—געפינט אין קאַרלסבאַד איר אָנגענומענע באַפרידיקונג. דעם קראַנקן ווערט דאָ אָנגעבאָטן דאָס בעסטע; די בעסערונג און די היילונג. דאָס וועלט־קינד געפינט דאָ אַלע אָנרעגונגען פון די פאָרנעמסטע געזעלשאַפט. ביי אַ מער אָדער ווייניקער דערטרעגלעכן וועטער איז די מיהל־ברונעם־שטראַסע, די אַלטע און די נייע וויזע, צו יעדער צייט אין טאָג אַ דויערנדיקער שפּאַציר אַרויס פון די כּלים, און צווינגט צו אַ פאַרבינדלעכער ריקזיכט אויף מיטשפּאַצירנדיקע.

אויף דעם דאָזיקן שפּאַציר־גאַנג איז מען, טראָץ דער לעבהאַפטער אונטערהאַלטונג, נישט טומלדיק, נישט וואָכעדיק, מען האָט דאָס געפיל זיך כּסדר צו געפינען אין דער געזעלשאַפט פון גוט דערצויגענע מענטשן. אָט אָ דאָס איז די לופט פון קאַרלסבאַד.

נאָכדעם ווי מאַקס נאָרדוי אונטערהאַלט זיך איבער דער לאַנגער ריי, וואָס שטייט מיט די גלעזער אין די הענט ביי

דער שפרודל-האַלע, שילדערט ער קורץ, וואָס קאַרלסבאַד איז פאַר יעדן:

פאַרן מוזיק־פריינט איז קאַרלסבאַד אַ גן־עדן. אומ-אויפהערלעך ווערט דאָ מוזיצירט, כסדר שמייכלען צו אייך וואַנדערנדיקע אָדער סטאַבילע אָרקעסטערס, פידל און פלייט קינסטלער פון דער גאָרער וועלט. שוין זעקס אַ זייגער אין דער פרי האָט איר דאָ קאָנצערט. דאָ קענט איר זען די ווירקונג פון דער מוזיק אויפן מענטשן. און דער געניאַלער מייסטער פון דער פעדער, פירט אונז דאָ אַוועק אין אַ וועלט פון מוזיק, וואו ער גיט איבער מיט זיין בקיאות, די מוזיקאַלישע לייסטונגען פון זיין דור. ווי שיין זיי זענען, נעם איך זיך נישט אונטער זיי צו איבער-זעצן, נישט צוליב דער שוועריקייט פון דער שפראַך נאָר גי-כער ווייל אין אונזער צייט איז דאָס אַביסל אומפאַרשטענדלעך און אויסער דעם פאַר אונזער טעמע נישט אַקטועל.

אָבער דאָס שענסטע אין דעם דאָזיקן קאַרלסבאַד פון לוקסוס און עלעגאַנץ פון מאנדעניטע און קונסט פון דער פאַרפיינערטער אונטערהאַלטונג און פאַרטייל פון דער געזונדהייט, האָט מיר תמיד דאָ אין דער אטמאָס-פערע אויסגעזוצן אזוי נאַטירלעך. די מעלות, מיט וועלכע די דאָזיקע שטאָט איז אַרומגערינגלט, זענען פשוט אונ-פאַרגלייכלעך. איך רעד דאָ נישט פון די ניסים-באַוויינ-דיקע וואַסערן, וועלכע פליסן דאָ אין די געהיימניספולע אָדערן, דורך טיף-באַגראָבענע פעלזן-קאַנאַלן, וואָס שפרודלען דאַמפנדיק פון אומציילִיקע פאַרשידענע קוואַלן, קאַלטע, לעבלעך וואַרעמע, און קאָכעדיק הייסע. איך רעד דאָ נאָר, פון דער לאַנדשאַפטלעכער הערלעכקייט פון דעם דאָזיקן ערד-ווינקל. דאָס וואָלט באַשטימט, מער באַרוישט די מייסטער פון פאַנטעזנבלאָ (נאַפּאָלעאָנס שטאָט) ווי באַרביזאָן, וועלכעס איז געשאַפן געוואָרן דורך זייער אייגענעם מענטשלעכן זשעני.

קאַרלסבאַד פאַרווירקליכט דאָס אידעאַל, פון גאָרטן־שטעט, פון וועלכע רעפאָרמאַטאָרישע אַרכיטעקטן חלומען, אָבער דאָ איז נישט דער גאָרטן געשאַפן, נאָר די שטאָט איז געקומען צום גאָרטן. די שטאָט ליגט צאַרט און ווייך, צעוואָרפן אין איין גרויסן גאָרטן.

נאָרדויס אַרטיקל, וועלכער פאַרנעמט היפשע עטלעכע בויגנס, וועט אונז צו ווייט פאַרפירן, און דעריבער גיבן מיר נאָך עטלעכע שלוס אויסצוגן. רעדנדיק וועגן די וועלדער אין דער אומגעגנד שרייבט נאָרדוי:

דאָס איז נישט קיין געפלאַנצטער, איך וואָלט זאָגן אימפּאָרטירטער וואַלד, וועלכער איז פלייסיק און גוט דערצויגן, דורכגעגאַנגען די בוים־שול — דאָס איז מעשה־בראשית, ווי גאָט האָט עס באַשאַפן, אַן איבערגעבליבע־נער אויסשניט פון אורוואַלד, פון דער צייט ווען די אַראָכסן און עלכן, האָבן באַדעקט גאַנץ מיטל־אייראָפּאַ פונם סאַרמאַטישן טייל ביז צו די הערצינישע בערג. דער מענטש האָט דאָ גאָרנישט צוגעטאָן, און זיך בלויז באַגניגנט נישט צו צעשטערן. זיין האַנט, וועלכע קען נישט פאַרבייגיין אַ זאַך איר נישט צו באַרירן, האָט דאָ זיך באַשרענקט נאָר מיט זויבער האַלטן און אַכטונג געבן מען זאָל פון וואַלד קיין מיסט־קאַסטן נישט מאַכן.

קאַרלסבאַד — פאַרענדיקט נאָרדוי — איז נעבן אַלע אַנדערע זאַכן דער שענסטער נאַטור־פּאַרק פון אייראָפּע, אַ שטיק בכבוד געהאַלטענע געשוינטע ווילדעניש, וועמען מען האָט איבערגעלאָזן דעם גאַנצן ווילדן פּאַטאָס. די חכמה פון די פאַרגאַנגענע דורות האָט אונז דעם דאָזיקן אוצר אָפּגעהיטן און די יורשים היטן אים אָפּ מיט זאָרג און ליבע.

די הייל־קוואַלן אונטן, דער אורוואַלד אויבן, און דער וועלט באַטריב אין דער מיטן, דאָס איז אַן איינ־ציקאַרטיקע פאַרבינדונג פון אַנטקעגנגעזעצטער שיינקייט.

מען מוז נישט גראָד זיין קיין דאַנקבאַרער חולה בכדי זיך כסדר צוריק צו קערן קיין קאַרלסבאַד.

נאָך נאָרדוי, האָב איך נישט וואָס צוצוואָגן, איך נעם דעריבער אַ דראָזשקע, און פאָר אַרויס קיין פירקנהאַמער, וואו עס געפינען זיך די באַרימטע פאָרצעלאַן־פאַבריקן פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי, באַרימט, נישט נאָר בלויז אין אייגענעם לאַנד.

דאָס אַזוי געבענטשטע קאַרלסבאַד פאַרמאָגט, אַחוץ אַלע אירע אוצרות אין איר אומגעגנד, דאָס דאָזיקע ספּעציעלע ליים פון וועלכן מען מאַכט פאָרצעלאַן.

פאַר 20 קראָנען מאַכט מיט מיר דער קוטשער דעם שפּאַציר אַהין און צוריק, דער וועג גייט צווישן וועלדער און בלומען, וואו נישט וואו אין פעלזן אַן אויפשריפט, אַ געדענקטאָוול אָדער גאָר אַ קליינער מאָנומענט פאַר באַרימטע קורגעסט, וועלכע האָבן זיך פאַרדינספּול געמאַכט פאַר דער דאָזיקער שטאָט. אַ שילער־דענקמאָל, אַ געטהע־דענקמאָל און אַנדערע אָנדענקונגען אין די צענדליקער.





פאַרן טויער פון דער גרויסער פאַרצעלאַן־פאַבריק, האָט מיר דער קוטשער געזאָגט, אַז מיר זענען געפאָרן אַ שעה. איך וואָלט גרייט געווען צו שווערן, אַז עס זענען קיין 10 מינוט נישט פאַרביי...

דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, האָט מיר ליבנסווירדיק אַרומגעפירט איבער די פאַרשידענע זאַלן, פון די טעפּערס און פאַרענדיקט ביי די קונסט־מאַלערס. איך האָב אָנגעזעטיקט מיין אויג, אין דער אויסשטעלונגס־האַלע מיט די וואונדערבאַרע פּאָר־צעלאַן־קונסט־ווערק. איינצלנע מייסטער־שטיק, וועלכע פאַר־כאַפּן דאָס אויג, און מיטגענומען אַ קליינעם באַשיידענעם אַש־שיסעלע, מיט אַ העברעאישער אויפשריפט „תעשית חרסינה דפירקענהאַמער”. דער דירעקטאָר האָט מיר שפּעטער באַוויזן די אויוונס, וואָס איך ווייס נישט וויפל טעג מען הייצט זיי און קאָן זיך בשום אופן נישט דערמאַנען, ווי לאַנג עס באַקן זיך דאָרט די כלים. אָבער איך ווייס, אַז די דאָזיקע סחורות זענען, ספּעציאַליטעטן פון נאָר געציילטע עטלעכע לענדער, און אַז אין אַ געוויסן לאַנד, וואו די דאָזיקע אינדוסטרי האָט אַמאָל געהאַט אַ ייד און טראָגט נאָך זיין נאָמען, איז עס היינט דער אייגנטום פון שונאי ישראל.

עס טוט ווי דאָס האַרץ, בעת מען נעמט מאַכן דעם חשבון, וויפיל שורות עס גייען אַריין אין די געציילטע קאַלאָ־נען פון אַן אַרטיקל, אָדער אויף די בלעטער פון אַ בוך און ביי יעדער געגנשטאַנד וואָס מיר שרייבן בלייבט שטענדיק דער איינדרוק פון נישט דערזאָגטן.

פון קאַרלסבאַד קיין מאַריענבאַד פאָרן מיר מיט דעם ספּעציעלן עראָפּלאַן.

אונזער שטאָלענער פויגל פליט צימליך נידריק, איבער דעם גאָרטן-לאַנד, וואָס פאַרבינדט די צוויי באָד-ערטער. צוויי מאָל קרייזן מיר אַרום קאַרלסבאַד און הויבן זיך אויף אַזוי הויך, אַז דאָס טייכל, וואָס פליסט אַדורך לענג-אויס די שטאָט, באַקומט דעם אויסזען פון אומענדלעך לאַנגלעכן גלעזערנעם רערל.

אָבער באַלד אַ שטיקל אויסערהאַלב פון דער שטאָט, לאָזן מיר זיך ווידער אַראָפּ באַזע-טאָל צו מאַריענבאַד.

ווי אַ פיר-עקיגער בלומען קאַסטן אין ווייסן אומקרייז ארומגערינגלט מיט נאָדל-בוימער, נישט קיין פאַבריקן, נישט קיין רויכערדיקע קוימענס שטערן די דאָזיקע אידיליע. איבער 15 קלמ. אין אומקרייז פון דעם דאָזיקן קור-אָרט זענען קיין שום אינדוסטרי-אונטערנעמונגען נישטאָ.

די הייל-קוואַלן זענען טיילווייז פון דער זעלבער נאַטור ווי קאַרלסבאַד און טיילווייז פון אַן אַנדערער. מאַריענבאַד איז באַזונדערס גוט פאַר דיק-בויכיקע און פעט-לייביקע, וועלכע קומען אַהער אָפּגעבן דאָס איבעריקע פעטס, וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרן.

נישט ווייט ליגט דאָס איינציקע אָרטיקע ראַדיום-קור-אָרט יאָאַכימסטאַל, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ נאָך ווייטער; אָבער וועגן דעם אַן אַנדער ענין.

יאָאַכימסטאַל, דאָס יונגסטע פון די אומציילִיקע טשעכאָ-סלאָוואַקישע קור-ערטער, האָט מיך פאַראינטערעסירט צוליב זיין נאַטיורלעכן מעדיצינישן מאָדערניזם. איך האָב זיך אין איין טאָג אַראָפּגעלאָזן, אָדער בעסער געזאָגט אַרויפגעכאַפּט אויף דעם בערגיקן, נאָך ווילדן יאָאַכימאָוו, וואו די ריזיקע האָטעלן זעען אויס ווי אויפגעריסן פון ערגעץ אַ קראַך און אַהערגעשטעלט מיט האַק און פּאַק אַהער אין דער ווילדעניש.

אָבער דאָ געהער דאָס באָד צו דער מלוכה, און אַז די מלוכה בויט, בויט זי עס כּדרך הגבירים.

יאָאַכימסטאַל, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דער ערפינדערין פון ראַדיום — מאַדאַם קורי, וועלכע האָט דאָ אין



יאַכימאָוו (יאָאַכימסטאַל)

די אָפּפאַלן פון די אָראַן־פאַבריקן, אַנטדעקט דעם זעלטענעם ראַדיום, פאַרמאָגט אין די היילקוואַלן אַלע וואונדערבאַרע סגולות און אייגנשאַפטן פון ראַדיום. דאָ ווערט אויך געשאַפן, דאָס ראַדיום־זאַלץ.

און גיך האָט זיך די וועלט דערוואוסט, פון דעם דאָזיקן נייעם נאַטור־סאַנאַטאָריום, אַזוי, אַז דאָס באָד האָט איבערהויפּט קיין סעזאָן נישט. חולאים פון אַלע מינים קומען אַהער, און קומען ווידער אין אַלע צייטן פון יאָר.

אויסרעכנען בלויז די וויכטיגסטע פון די אומצייליקע טשע־כאָסלאָוואַקישע קור־ערטער מיט זייערע עלעמענטאַרע אייגנשאַפטן, וואָלט ביי אונז פאַרנומען צענדליקער אויב נישט הונדערטער זייטן, פראַנצעסבאַד, וועלכעס געהערט צו דער אויבערשטער גרופּע פון מאַריענבאַד. קאַרלסבאַד ליגט ווי אַ צירונג־קאַסטן אין דער פּראָווינץ פון דרום־בעמען. טויזנטער פּרויען פון דער גאַנ־צער וועלט קומען אַהער נאָך היילונג.

אָדער זאָל איך רעדן פון דעם פאָלקסטימלעכן סלאָוואַקישן קור־אָרט ליהאַשטאָוויצע, וועלכעס איז איינס פון די זיכערסטע רפואות פאַר אַסטמאַטיקער, און מענטשן וואָס ליידן אויף שטע־כונגען אין די אָטעם־וועגן.

זאָל איך רעדן פון פּישטשאַן, דאָס ביליקע קור־אָרט אין דער סלאָוואַקיי, פון וואַנען כראָנישע רעוומאַטיזם־ליידנדע פאָרן אַוועק אין גאַנצן געהיילט. פּישטשאַן, וועלכע האָט דעם אייגנ־אַרטיקן מוזעאום פון קוליעס, מיט וועלכע די קראַנקע זענען אַהער געקומען און זיי איבערגעלאָזט אַוועקפאָרנדיק, ווייל זיי האָבן זיי מער נישט געדאַרפט.

אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע הילצערנע דאָקומענטן, טראָגט אויפשריפטן און איינקריצונגען מיט לויב־געזאַנגען, פאַר דעם וואונדער־אָרט פּישטשאַן, מאַנכע פון זיי פּרימיטיוו און אַ סך זייער גייסטרייך:

דערצייל שטעקן מיינער, גאָטס ניסים, טרייסט מיינע
אַמאָליקע ליידנס־ברידער און זאָלן זיי דיר אין געזעל־
שאַפט אויך זייערע קוליעס איבערלאָזן.



פיעסטיאַני (פּישטשאַן)

אָט אַזוי הייסט די אויפשריפט אויף פּויליש אויף איינער פון די דאָזיקע הילצערנע מענטשן-דינערס.

קוליעס ווירקן אויף אַ מענטשן אָפּשטויסנדיק, אָבער דאָ אין דעם דאָזיקן מוזעאום שמייכלען זיי צו אייך. אָט אַזוי זאָגט צו מיר אַ ייד, ווען אויסזען די מתים-קאַסטנס נאָך תחית-המתים. אָבער, טראַכט איך, עס וועט שווער זיין פאַר זיי צו געפינען אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר אַ מוזעאום...

און טרענטשין-טעפּליץ, אַ שכנותדיק קור-אָרט מיט אומגע-פער די זעלבע אייגנשאַפטן, האָט זיך אויך נישט מיט וואָס צו שעמען.

דאָס באַרימטע קור-אָרט פאַר מאָגן-קראַנקע, אַרטעריען-פאַרקאַלכונג און הויט-קראַנקהייטן, און די נאָך צענדליקער קור-ערטער פאַר קראַנקע און אָפּרו-ערטער פאַר געזונטע, וועלכע זענען דאָ פאַרשפּרייט איבער דעם דאָזיקן לאַנד מיט אַזאַ שפע.

די פאַרשוועדערישע האַנט פון דער נאַטור, האָט דעם דאָזיקן לאַנד, אַזויפיל געשענקט, און קיין טעות נישט געמאַכט.



טרענטשין - טעפליץ

די בעלי-בתּים פון דעם לאַנד, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ערשטקלאַסיקע פאַרוואַלטערס פון דער שפע נאַטור-רייכטימער, וואָס גאָט האָט זיי געשענקט.

בעת מען האַלט ביי די לעצטע שורות פון אַ רעפּאָרטאַזש, אָנגעשריבן אפשר לייכט, אָבער מיט אַ סך אינטערעס, רעספּעקט, און סימפּאַטיע צו דעם באַהאַנדלטן קעגנשטאַנד, שווימען פאַר אייערע אויגן אַרויף אומציילבאַרע סצענקעס, באַגעגענישן פאַ־סירונגען, וועלכע וואָלטן אייגנטלעך געמוזט פאַרצייכנט ווערן.

מיט מיין איצטיקן בוך האָב איך גיכער געוואָלט לייכט, זשורנאַליסטיש זיך אַדורכשפּאַצירן, איבער דעם דאָזיקן לאַנד, באַהאַנדלען זאַכן, ווי מען זעט זיי און דער עיקר, נישט פאַר־פאַלן ווערן אין אַ צו שטאַרקן ערנסט. דעריבער האָב איך ווי ווייט מעגלעך פאַרמישט דאָס ווירטשאַפטלעכע מיטן עקאָנאָמישן די אינדוסטרי מיט דער ראָמאַנטיק.



פראַנצענסבאַד



לוהאַטשאָוויצע

# די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון לאַנד

## אַ קורצער איבערבליק איבערן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי

איך האָב געפּרובט, אַמאָל מיט און אָן דערפאָלג, אַריינפּאַסן ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן אין מיין רייזע שילדערונג. געמיינט, אַז דאָס איז לייכט און זיך איבערצייגט, אַז סקי און שניי פּאַסן זיך נישט מיט שטייער־ציפערן און מען קען נישט משדך זיין די סטאַטיסטיק פון ברייט־פאַרצווייגטן, טשעכאָסלאָוואַקישן אויסערן־האַנדל מיט די פאַר'חלום'טע געגנטן פון עלבעטאָל,ביידע זאַכן זענען אינטערעסאַנט, אָבער יעדערער באַזונדער, יעדערער אין זיין אייגענעם טאָן און אין געהעריקן ליכט.

ווירטשאַפט־עקאָנאָמיק, ציפערן, האָבן גאָך אַן אַנדערן חסרון — זיי פאַרכאַפּן נישט. מען לייענט עס נישט אויס אינערלעכן אינטערעס — מען לייענט עס ווייל עס זענען זאַכן, אַרום וועלכע אַ וועלט דרייט זיך און וועלכע אַ גוט אינפאָרמירטער מענטש, אַ מענטש, ווי מען רופט עם אין אַמעריקע „אָפּ־טו־דייט" מוז זיי וויסן — אפילו ווען ער ריזיקירט דאַביי אַ געגעץ צו טאָן...

דעריבער טאַקע האָב איך אַ גרויסן טייל פון מיינע געזאַמלטע עקאָנאָמישע ידיעות פאַרטיילט אין די לייכטערע — לאָמיר ריזיקירן די אייגענע באַשיידנקייט און זאָגן: — די אנגענעמערע שטעלן פון מיין רעפּאָרטאַזש. אָבער עס זענען פאַראַן זאַכן, וועלכע זענען פון אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס און פאַרדינען אַ באַזונדערן פּלאַץ, אפילו ווען מען ריזיקירט צו ווערן אויף אַ ווײַלע טרוקן און אפילו אַ ביסל לאַנגווײַליק.



אַ ווינקל פון די שקאָדאַ־ווערק אין פּילזן

מיר ווילן זיך באַמיען — קודם כל צו זיין פּרעציז, קורץ און, ווי ווייט מעגלעך לעבעדיק.

געאָגראַפיש קלענער, פּאָליטיש אפשר שוואַכער פאַר א סך פון אירע שכנים, אָבער עקאָנאָמיש א ריז — איינע פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן וועלט־מאַרק — אָט דאָס איז די טשעכאָסלאָוואַקיי. און אין אונזערע מאטעריאַליסטישע צייטן, וואו אַלץ ווערט געמאָסטן מיטן עקאָנאָמישן מאָסשטאַב איז די טשעכאָסלאָוואַקיי אַ גרויס־מאַכט.

איך רעד דאָ נישט פון אירע נאַטירלעכע רייכטימער, וועלכע מיר האָבן שוין טיילווייז דערמאַנט אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, איך גיי גלייך צו צו דער הויפּט־קוועלע פון רייכטום פון דאָזיקן לאַנד — די אינדוסטרי די ניי־אויסגעבויטע און דער עיקר די ירושה, דאָס אינדוסטריעלע פאַרמעגן פון דער אַלטער אימפּעריע, דאָס קייזערלעך־קעניגלעכע עסטרייך־אונגאַרן, וועלכע האָט דאָ אויסגעבויט דעם גרעסטן און וויכטיקסטן טייל

פון איר אינדוסטרי, א ווירטשאַפט פאַר אן אימפעריע פון קרוב פופציק מיליאָן איינוואוינער.

נאָך דער מלחמה האָבן די נאָכפאָלגער־שטאַאטן זיך איינ־געטיילט, אויף וויפיל עס האָט זיך געלאָזט, מיט דער ירושה פון אונטערגעגאַנגענעם קייזער־רייך. אָבער עס זענען פאַראַן זאכן, וועלכע זענען נישט קיין מטלטלין, וועלכע לאָזן זיך נישט „אריבערטראָגן" ערשטענס צוליב די באַציונגען, וועלכע זענען פאַר דער באַטרעפנדער אינדוסטרי גינסטיקער אין דעם אָרט ווי אין אנ'אַנדער אָרט און צווייטנס צוליב דעם פשוטן טעם, וואָס אַ פאבריק טראגט מען נישט איבער אָט אַזוי ווי אַן אייזנבאַן־וואגאָן.

לאָמיר לאָזן רעדן די ציפען פון דער פאָלגנדיקער אינטע־רעסאַנטער טאבעלע, וועלכע מיר גיבן דאָ, פון אינדוסטרי פון דער אַלטער עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפעריע וואָס זענען אזוי צו זאָגן „איבערגעבליבן" אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי... מיר געבן זיי, ווי זיי קומען אויס פראָצענטעל:

| | |
|---|---|
| פאָרצעלאַן־אינדוסטריע | 100 % |
| גלאָז־פאבריק און גלאָז־הוטן | 92 „ |
| צוקער־פאַבריקן | 92 „ |
| הענטשקעס און פיינלעדער אויסאַרבעטונגען | 90 „ |
| זאַלץ און האָפּן | 87 „ |
| וועבערייען און שפינערייען | 75 „ |
| שיך ־ פאַבריקן | 75 „ |
| גארבערייען | 70 „ |
| כעמישע פאַבריקן | 75 „ |
| פאפיר ־ אינדוסטרי | 65 „ |
| מעטאלורגישע פאַבריקן און גיסערייען | 60 „ |
| ביר ־ ברויערייען | 57 „ |
| דיסטילעריען | 46 „ |
| באַשפייזונגס ־ אינדוסטרי | 50 „ |



דאַ [illegible] פון דעם [illegible] בײַ דער
אינטערנאַציאָנאַלער פּראָגער מוסטער-מעסע

אָבער ווי געזאָגט, בעת פאַר דער מלחמה האָבן די דאַזיקע אינדוסטריען געארבעט פאר א באַפעלקערונג פון קנאַפּע 50 מיליאָן, אין אייגענעם לאנד; איז די איינוואוינערשאַפט יעצט געזונקן אויף קנאפּע 16 מיליאָן און די דאָזיקע אויסגערעכנטע אונטערנעמונגען זענען געצוואונגען צו ארבעטן פאַר אויסלאַנד.

אָבער די טשעכאָסלאַוואַקיי איז נישט פרעמד אויף דעם דאָזיקן געביט. נאָך אין די לעצטע יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אין פראָג געשאפן געוואָרן די האנדלס-קאַמער פארן אויסלענדישן האנדל און עקספּאָרט, וועלכע האָט פון זינט יענעם טאָג א סך געטאָן צו דער פארבעסערונג פון די אינטערנאציאָנאלע האַנדלס-באַציונגען.

נאָכדעם ווי די טשעכאָסלאָוואַקיי האָט נאָך דער מלחמה ווידער באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט איז איינע פון אירע ערשטע אויפגאַבעס געווען די מאָדערניזירונג און דער אויסבוי

פון דער אינדוסטרי — אריינברענגען אָרדנונג און ווידער צוטרעטן אויפנעמען די בעת דער מלחמה איבערגעריסענע אויסלענדישע האנדלס-באציונגען.

פארשטייט זיך, אַז ביי אזא הויך אנטוויקלטע אינדוסטרי, איז דער נערוון-צענטער דאָס באנק-סיסטעם, וועלכעס האָט דאָ געמוזט געדעגלט ווערן אויף א גאנץ ספּעציעלן אופן, מיט אַ באזונדער פאַרצווייגטער געזעץ-געבונג אויף דעם דאָזיקן געביט. פון איין זייט האָט מען געמוזט אין זין האָבן, אַז דער פאַבּריקאַנט זאָל נישט פאלן אלס קרבן פון די געפערלעכע, אַמאָל ערלעכע און אמאָל נישט שטאַרק ערלעכע, בערזן-שפּעקולאַציעס



שפּיצן פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער לוקסוס-אינדוסטרי

פון די גאָלד-מאַגנאַטן — און פון דער אַנדערער זייט האָבן די באַנקן אויך געמוזט געשטיצט ווערן קעגן עווענטועלע פּאַר-אומטרייאונגען — און בטבע זענען אי באַנקירן און אי אינדוס-טריעלער נישט פון די יעניקע, וואָס זענען תמיד מקפּיד אויף שלי שלי ושלך שלך...

איז טאַקע דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע באַנק-וועזן און זיינע באַציונגען מיט דער אינדוסטרי, באַזונדערס קאָמפּליצירט. ביידע אָרגאַניזמען זענען מער ווי אין אַנדערע לענדער מיטאַנאַנדער ענג פֿאַרבונדן און איבער זיי דאָס געזעץ, וואָס גיט אַכטונג אויף ביידע מיטאַמאָל. און ביידע צוגעפּאַסט צו די באַדינ-גונגען פון עקספּאָרט און אויסווערטיקן האַנדל, וועלכער פאָדערט אַ געוויסע עלאַסטיציטעט און צופּאַסונגס-פעיקייט צו באַדינגונגען, וועלכע בייטן זיך אַמאָל 2 מאָל אַ טאָג.



פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער טעפּיכער-אינדוסטרי

# דאָס געבורטס־אָרט פון דעם דאָלאַר

און ווייל מיר רעדן שוין פון ווירטשאַפט און עקאָנאָמיק, ווייל איך דערמאַנען נאָך עטלעכע אינטערעסאַנטע קלייניקייטן — און איינע פון זיי דאָס געבורטס־אָרט פון דעם אַמאָל אזוי מעכטיקן דאָלאַר, אָדער טאָלער.

היינט הייסט דאָס דאָזיקע שטעטל, פון וועלכן מיר האָבן שוין אויבן גערעדט, יאָאַכימאָוו אָדער יאָאַכימסטאַל און איז באַקאַנט אַלס דאָס באַרימטע אָרט פון ראַדיום־פאַבריקאַציע און איינס פון די וועלט־באַקאַנטע ראַדיום־הייל־בעדער. דאָס קוראָרט אָדער שטעטל מיט אַ כסדרדיקן סעזאָן פון זומער און ווינטער געפינט זיך אגב אין שכנות מיט 3 אַנדערע באַרימטע קור־ערטער: קאַרלסבאַד, פראַנצעסבאַד און מאַריענבאַד.

דריי שטעט, פון וועלכע איך וועל אודאי נאָך שרייבן, ווייל עס איז אונמעגלעך צו האָבן דורכשפּאַצירט די רעפּובליק, זיי נישט דערמאַנענדיק און פון אַלץ וואָס מען האָט שוין פון דאָרט געזאָגט וועט נאָך, פונדעסטוועגן האָבן געבליבן פאַר מיר עפּעס נייעס.

אָבער דאָ זענען מיר דערווייל אין דער ווייטער פאַרגאַנגנהייט אין אָנפאַנג 16־טן יאָרהונדערט ווען די זילבער־מינעס האָבן דאַמאָלס געאַרבעט מיט 12 טויזנט אַרבעטער און דאָרט פאַבריצירט מטבעות פאַר די בעמישע מלכים. די מטבעות זענען געווען פון אַזאַ וואונדערבאַרער קוואַליטעט, אַז מען האָט זיי אָנגערופן אויפן נאָמען פון שטעטל, וואו זיי פלעגן פאַבריצירט ווערן — יאָאַכימסטאָל האָט געהייסן דאָס שטעטל און די מטבעות „יאָאַכימסטאַלער" און בהיות מענטשן האָבן פון אייביקע צייטן געזוכט צו פאַרקירצן זייערע אויסדריקן האָבן זיי די גוטע זילבערנע מטבעות אָנגערופן

קורץ: טאָלער. און דער דאָזיקער נאָמען איז, מערקווידיקערהייט פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג אין מאָדערנסטן פון אַלע לענדער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועמענס אָנטווערטעטע מטבעות זענען נאָך אַלץ געגנוג ווערט. דער טאָלער האָט דורכגעוואַנדערט כמעט גאַנץ אייראָפּאַ און זיך סוף כל סוף איינגעבירגערט אין אָנקל-סעמ׳ס מדינה — זאָלן די שטאָלצע יענקיס יעצט וויסן, אַז דער גאַנצער שטאָלץ זייערער, דער האַלב-גאָט דאָלאַר, שטאַמט פון אַ קליין ראָמאַנטיש-שטעטעלע אין צענטראַל-אייראָפּע — פון יאָאַכימאָוו-יאָאַכימסטאַל.



# טשעכאָסלאָוואַקיי אַלס פאַקטאָר
# אין אונזער עקאָנאָמישן אָפּווער-קאַמף

עקאָנאָמיק, נאָך דערצו פון דעם מין איז תמיד אַן אַקטועלע פראַגע — אָבער אין רעפּאָרטאַזשן רעט מען וועגן זיי ווייניק — און אויב איבער כמעט אַלע זייטן פון מיין בוך ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדים דורך דער ווירטשאַפטלעכער מאָמענט, האָב איך דערביי אַ באַשטימטע כוונה, וועלכע איך האָב נישט קיין אינטערעס צו פאַרשווייגן אָדער פאַרשטעלן. אדרבה פאַרקערט. הויך אויפן קול וועל איך אויסשרייען וואָס איך דענק און וואָס איך וויל מיט מיינע באַשיידענע שורות באַצוועקן.



אין שכנות פון דער דאָזיקער פרייער רעפּובליק געפינט זיך אַ שטאַרק לאַנד, אַן אינדוסטריע-לאַנד, וועלכעס איז אויך אָנגעוויזן אויפן אויסערוועטיקן האַנדל און אַ גאָר גרויסער טייל פון זיין באַפעלקערונג איז אויך אָנגעוויזן מיטן טאָג-טעגלעכן ברויט אויף דער פאַבריק וואָס אַרבעט פאַר אויסלאַנד. אַ לאַנד, וועלכעס איז בכח צו פאַרפלייצן די וועלט מיט אירע סחורות און פּרובט עס טאַקע טאָן.

האָט אָבער דאָס דאָזיקע לאַנד, זייט עטלעכע יאָר אַ נדר געטאָן צו פאַרניכטן דאָס עלטסטע פון אַלע פעלקער — צו פאַרניכטן דאָס פאָלק, וועלכעס האָט געגעבן דער וועלט דעם באַגריף פון גאָט — און גערעכיקייט. דאָס דאָזיקע לאַנד פון צענדליקער מיליאָנען פירט אַ מלחמה קעגן אַ הייפעלע שוואַכע יידן ביי זיך אין דער היים און קעגן גאַנצן יידישן פאָלק

אין דער גאָרער וועלט. אַ מלחמה האָב איך געזאָגט ? ניין, אַ סיסטעמאַטישן אויסראָטונגס-קאַמף מיט באַרבאַריש לעגאַליזירטע, אָדער בלוטיק נישט לעגאַליזירטע מיטלען.

— און מיר יידן, מיט וואָס ענטפערן מיר ?

כנוהג שבעולם, אַז צוויי פעלקער פירן אַ מלחמה באַנוצט מען קעגנזייטיק די זעלבע מינים געווער — מיר יידן אָבער פאַרמאָגן נישט אַלע מינים קעגן-געווער — מיר יידן וואָלטן אפשר אויך נישט געוועזן אימשטאַנד עס צו באַנוצן.

אָבער איין געווער האָבן מיר אין דער האַנט — אפשר נישט אַזוי גרויזאַם, אָבער גענוג שאַרף און ווירקונגס-פול — דאָס עקאָנאָמישע דעפענסיוו - געווער. אַ געווער וואָס מיר יידן זענען בכח בעסער אויסצונוצן, ווי אַ וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק.

— באָיקאָט ?

— ניין ! אָפּווער אויף אַלע עקאָנאָמישע געביטן.

און תמיד אויסנוצן אַלץ אין פּאָזיטיוון זין. דאָס באַרבאַרישע לאַנד, פון וועלכן מיר רעדן, האָט אַן אינדוסטרי אָבער אויך אונזערע פריינט האָבן אינדוסטריען — און אָט האָט איר די טשעכאָסלאָוואַקיי, וועלכע מען קען ציילן צווישן אונזערע פריינט. די דאָזיקע רעפּובליק האָט אַ גרויסע אינדוסטרי, אַ ברייט-פאַר-צווייגטן אייסערן-האַנדל, ווי מיר האָבן דאָ פריער אין ליכט פון די ציפערן אויסגערעכנט, טאָ זאָל דאָס נאָטירט ווערן און זאָלן יידישע סוחרים זיך דערין דערמאַנען בעת זיי גייען אָנגעבן אַ באַשטעלונג אין אויסלאַנד.



# שלוס־וואָרט

איך געזעגן זיך נישט מיט דעם לאַנד און געזעגן זיך אויך נישט אויף לאַנג מיטן לעזער. אויב איך האָב אויפן בוך נישט אויפגעשריבן „ערשטער טייל״ איז עס דערפאַר, ווייל איך וויל עס באַטראַכטן אַלס גאַנצעס. אָבער אויף מיין שרייב־טיש ליגן שוין די מאַטעריאַלן פאַרן צווייטן טייל, דעם שווע־רערן. דער טייל וואָס וועט זיך באַשעפטיקן מיט דער אינדוסטרי, מיט דער ווירטשאַפט, מיטן מסחר, עקספּאָרט און אימפּאָרט, און דער גאַנצער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער דאָזיקער יונגער רעפּובליק, וועלכע האָט אין דער קורצער צייט פון עפּעס מער ווי אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, זיך אַזוי וואונ־דערלעך, ווירטשאַפטלעך אָרגאַניזירט, פאַרשטאַנען זיך צו פאַרשאַפן דעם געהעריקן פּלאַץ אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן „קאָנצערט״, אָנהאַלטן די אָרדנונג אינם אייגענעם לאַנד און שפּילן א באַדייטנדע ראָלע אין דער וועלט־פּאָליטיק; דערציען דעם בירגער פּאָליטיש און מאָראַליש, זיין אַ בעל־הבית און אויפהאַלטן די ליבעראַלע אָרדנונג, די בירגערלעכע פרייהייט וואָס א סך גרעסערע און שטאַרקערע מלוכות האָבן נישט באַוויזן.

פון דער נישט פּאָליטישער זייט פאַרייניקט דאָס דאָזיקע לאַנד אין זיך אַלע גוטע אייגנשאַפטן פון דער אַלטער אייראָפּע. הן אין נאַטור און הן אין דעם וואָס איז געשאַפן דורך מענטש־לעכן מי און שווייס.

ביי אונז יידן איז דאָס דאָזיקע לאַנד היסטאָריש טייער, נישט ווייניקער ווי פאַר נישט יידן. פאַר אונז איז דאָס לאַנד איינס פון די געציילטע פעסטונגען פון יושר און גלייכבאַרעכ־טיקונג. די מלוכה וועמענס שעפער עס איז אַ פילאָזאָף און דענקער. און דער עיקר: אַן אויפריכטיקער פריינט פון יידישן פאָלק.

---




די טשעכאָסלאָוואַקישע רעפּובליק און אירע שכנים

Z. H. WACHSMAN

# AUX PAYS DU „MAHARAL" ET MASARYK

# W KRAJU „MAHARAL"-A I MASARYKA

REPORTAGE ILLUSTRÉ DE LA TCHÉCOSLOVAQUIE

Edition „REVUE DE PRESSE JUIVE", DEPOT - CENTRAL:
„KULT-BUCH"
VARSOVIE, NALEWKI 2a

Editon Yddisch
Varsovie 1936



פאַר באַשטעלונגען אין פראַנקרייך, זיך ווענדן צום מחבר
Z. H. Wachsman, 13 rue de la Grande Chaumière Paris VI
Chèque Post. 1797—49

Druk. „STYLDRUK" Warszawa Nalewki 13

Z. H. WACHSMAN

# AUX PAYS DU „MAHARAL" ET MASARYK

## REPORTAGE ILLUSTRÉ DE LA TCHÉCOSLOVAQUIE

Varsovie - 1936
Edition Yddisch

Impr. „Styldruk" Varsovie

